ש. קליטעניק

# ווערק און שרייבער

(זאמלונג פון קריטישע ארטיקלען)




פארלאג „עמעס", מאָסקווע 1935

Printed in Soviet Union

# אינהאלט

## I



## II




Редактор — А. Гурштейн. Техред — М. Погостер.
Корректор — А. Биттер. Сдано в набор 11/IV—35 г.
Подписано к печати 11/VI—35 г. Ф. б. 62×94[1]/[1]—11 п. л.
„Эмес" № 65 Уп. главлита Б—6732. Тираж 1500

Типография изд-ва „Эмес" Москва, Покровка 9 Зак. 475

# וועגנ בערגעלסאָנס ביז־סאָוועטישער שאפונג

(שטריכנ)

## I

קיינ איינ ייִדישער קינסטלער האָט ניט דורכגעמאכט אזא שווערנ, אָבער רײַכנ וועג, ווי דאָס האָט דורכגעמאכט דאָוויד בערגעלסאָנ אינ פארלויפ פונ דעמ פערטל יאָרהונדערט פונ זײַנ קינסטלערישער שאפונג.

דאָוויד בערגעלסאָנ איז ארײַנ אינ דער ייִדישער ליטעראטור אינ א העכסט אָנגעשטרענגטער אונ פאראנטוואָרטלעכער צײַט, אינ די רע־אקציע־יאָרנ נאָכ דער ערשטער רעוואָליוציע. די ערשטע רוסישע רע־וואָליוציע איז געווענ צײַטווײַליק באזיגט, אָבער דער קאפיטאליזמ איז שוינ לאנג ארײַנגעטראָטנ אינ אָנהייב פונ זײַנ סאָפ, ער האָט זיכ געפונענ אינ דער העכסטער אונ לעצטער טסאדיע, ווענ די מער אינטעלעקטועלע, די מער עמפינדלעכע טיילנ פונ דער בורזשואזיע הייבנ שוינ אָנ צו שפּירנ דעמ דאָזיקנ ווײַט־גייענדיקנ פראָצעס — דעמ בארג־אראָפּ פונ דער גאנצער בורזשואזער וועלט.

אומצופרידענע בורזשואזע אינטעליגענטנ זײַנענ שוינ געווענ אינעמ סאמע פרימאָרגנ פונ דער בורזשואזער געזעלשאפט, באלד אפנ צווייטנ טאָג נאָכ דער בורזשואזער רעוואָליוציע, זיי האָבנ דאנ דערזענ דעמ

גרויסן מעהאלעכ צווישן די אלע נעכטיקע דעקלאסירטע גליקן און דער היינטיקער בורזשואזער קאנטאר־ווירקלעכקייט, דער קרעמע־רישער ווירקלעכקייט. פאר זייערע אויגן האט די בורזשואזיע פאר־ביטן דעם באפליגלטן לאזונג: פרייהייט, גלייכהייט, ברידערלעכקייט אפ דעם לאזונג: אינפאנטעריע, קאוואלעריע, ארטילעריע. (פון מארקס כאראקטעריסטיק, די צווייטע פראנצויזישע רעפובליק „היסטארישע ארבעטן," „18-טער בריומער" ז. 171).

איצט, אין XX יארהונדערט, ווען דער קאפיטאליזם האט שוין לאנג פארלוירן זיין יוגנט־כיין און יוגנט־רייץ, ווען זיין זקייניש פאנעם איז שוין באדעקט מיט קנייטשן, און ער גיט שוין פון זיך ארויס א רייעך פון צעפוילונג, — זיינען געוויס דא מער סיבעס פאר אומצופרידנקייט, פאר גרויסן אומרו באם בעסערן, אינטעלעקטועלן טייל פון דער בורזשואזער אינטעליגענץ.

דאוויד בערגעלסאן שליסט זיך אן מיט די גרונטיקע ווערק פון זיין ביז־אקטיאבערישער שאפונג צו אט דעם פילבארן און אום־רויקן טייל פון דער בורזשואזער אינטעליגענץ. ער איז אומצו־פרידן, ער איז אנטוישט, ער פילט, אז עפעס שרעקלעכס איז פאר־לאפן מיט דער בורזשואזער וועלט...

בערגעלסאן האט אין זיינע גרונטיקע ווערק פון דער ביז־סאוועטישער שאפונג פריער פאר אלץ אויסגעדיכטעט די דערפארונג פון זיין אייגענעם קלאס, ער האט אויסגעדיכטעט די טעמעס וועגן די אונטערנעמער און דער אינטעליגענץ (זיך אליין האט בערגעלסאן דאן באטראכט פאר א „פארשטייער פון דער יונגער יידישער אינטע־ליגענץ", זע „יידישע וועלט" פון 1915 יאר. פערעץ־נומער, בערגעלסאנס בריוו צו דער יונגער יידישער אינטעליגענץ).

ווי אנדערש און פארשיידן אבער — אין פארגלייך מיט דער דעמאל־טיקער יידישער ליטעראטור — האט בערגעלסאן געשילדערט די דא־זיקע גרונטיקע טעמעס זיינע.

וואס איז דאן געווען אין דער יידישער ליטעראטור?

אין דער יידישער ליטעראטור האט דאן י.ל. פערעץ געהאלטן בא זיין סעריע „פאלקסטימלעכע געשיכטן" (אנגעהויבן אין 1903) פון דעם גרעסטן בורזשואזן אופרייסער און שטורמער פון מיטלאל־

טער, ווי ער איז געווענ אינ די 90־קער יאָרנ, איז ער ערעוו אונ נאָכ דער ערשטער רוסישער רעוואָליוציע געוואָרנ איינער פונ די גרעסטע בורזשואזע באזינגער אונ אידעאַליזאטערס פונ מיטלאלטער. אינ די „פאָלקסטימלעכע געשיכטנ“ איז געווינ געקומענ צומ שארפסטנ אויסדרוק די גרונטלעכע רעוויזיע אינ דער באַציִונג פונ דער יִדישער בורזשואזיע צומ מיטלאלטער. פערעצ האָט זיכ דאנ ארומגעטראָגנ מיטנ גאנצנ קאָמפּלעקס „יִדישקײַט“ — אידייענ אונ געפילנ, וועלכע ער האָט פארקערפּערט אינ א גאלעריי געשטאלטנ אונ בילדער.

ש. אש איז געקומענ אינ דער יִדישער ליטעראטור מיטנ הייליקנ שטויב פונ בעסמעדרעש אונ מיט זײַנע „גרויסע“ אונ „גאנצע“ יִדנ („שטעטל“ שפּעטער „שלוימע נאָגיד“), בא ש. אשנ האָט די „יִדישקײַט“ פּאָשעט אריבערגעפלאָסנ איבער די ברעגנ. אויב בא י. ל. פערעצנ זײַנענ פונדעסטוועגנ געווענ אקצענטירט אויכ די אלגעמיינע הומאניטארע אידייענ, פארקערפּערטע דאפקע אינ „נאציִאָנאל־הייליקע“ געשטאלטנ אונ בילדער, איז ש. אש געקומענ צו באשטעטיקנ דעמ אויבנאָנ פונעמ שול־געסל אונ פונעמ גוויר אינעמ יִדישנ לעבנ.

אינ זײַנע געשטאלטנ פונ בורזשוא אונ אינטעליגענט ברענגט בערגעלסאָנ צומ קינסטלערישנ אויסדרוק די אלגעמיינע בורזשואזע איבערלעבונגענ, די אלגעמיינע אנטוישונג־געפילנ פונעמ בורזשואזנ אינטעליגענט. דאָס אלצ ווערט, פארשטענדלעכ, באוויזנ אינ דער קאָנקרעטער נאציִאָנאלער סוויווע, אינ דער יִדישער סוויווע, אָבער אָנ דעמ קאָמפּלעקס „יִדישקײַט“-אידייענ אונ געפילנ. בערגעלסאָנ איז קימאט ווי אויסגעטאָנ פונ דעמ אלעמ.

בערגעלסאָנס ווערק האָבנ זיכ אפילע אונטערשיידט פונ דעמ מינ ליטעראטור, וואָס א. ווײַטער האָט געשאפנ, כאָטש בא ווײַטערנ זײַנענ אויכ געווענ אומצופרידענע, אנטוישטע, וואָס האָבנ אויכ פונ קאָפּ ניט ארויסגעלאָזנ די „האק אפ דער וואנט אונ דאָס שטריקל“ (נאָמבערג). אינ ווײַטערס „פּארטאָג“ (אָנגעשריבנ אינ 1907 יאָר), ווו דאָס ראָוו פערסאָנאזשנ זײַנענ אומגעקומענע אונ געשטאָרבענע, פארלאָרענע אונ צעפּײַניקטע, צעבראָכענע אונ פארייִנזאמטע, — ניט קיינ פארטאָג, נאָר אנ אונטערגאנג, א נאכט אָנ אנ ענד, — האָבנ מיר דעמ

אווטערס א באגער אופצוהערנ צו זײַנ „קויפרים בעיקר״ — בונטארנ, נאָר צוריק ווערנ „קינדער פונ פאָלק, נײַע אונ יונגע ייִדנ״. דער בלא־ סער טרוים וועגנ א נײַער צוקונפט איז שוינ אויסגעלאָשנ, אונ דער פארלאנג איז איצט: „אהיים״. צווישנ דעם זיידנ אונ סאָניענ ווערט געשלאָסנ א פעסטער בונד, עס ווערט אײַנגעשטעלט א קאָנטאקט.

אונ די אינטעליגענטנ פונ ווײַטערס „אינ פײַער״ (אָנגעשריבנ מיט עטלעכע יאָר שפעטער פונ „פארטאָג״) טראָגנ זיך ארום מיט דער אידיי פונ פאריינגערנ דאָס ייִדישע פאָלק. „ניט איינ מאָל זײַנענ שוינ די גרויע האָר פונ פאָלק שווארצ געוואָרנ, יונג שווארצ געוואָרנ״ („אינ פײַער״), דערצו דארפ מענ נאָך פארברענענ אלא פריִעריקע טרוימענ: „פײַער רייניקט, אונ ערשט דערנאָך פונדאָסנײַ אָנהייבנ, גאָר פונ אָנהייב, פונ דעם גאָר אמאָליקנ״ („אינ פײַער״). סימע רעדט מיט ווייטעק אונ פארדראָס וועגנ דעם, אז מע האָט אמאָל געלייקנט אונ צעשטערט: „ווי א היצ־קרענק איז אָנגעפאלנ אפ אלעמענ אונ ווי אינ היצ האָבנ מיר פיבערהאפט געאײַלט צו צעשטערנ אלע אלטע פאָרמענ פונ אונדזער לעבנ, צעברעכנ אלע אמאָליקע ביניאָנים, וואָס די זיידעס אונ אלטע זיידעס האָבנ געבויט״. זי וויל ראטעווענ די זיי־ דישע ירושע אונ איר פאראָל איז: „צום זיידנ צוריק, צום על־ טערזיידנ״ („אינ פײַער״).

אונ די אלע „היימקער״־מאָטיוונ ווערנ נאָך שטארקער אינ „דעם „שטומענ״, אָנגעשריבנ אינ 1912, אינ דער זעלבער צײַט, ווענ בערגעל־ סאָנ ארבעט איבער זײַנ קלאסישנ „נאָך אלעמענ״. ווײַטערס העלד, אלעקסאנדער, מאכט אזא „כעזשבנ האנעפעש״: „א האָראָדאָקער באָבער האָט זיך אומגעשלעפט איבער דער וועלט, א האָראָדאָקער מיידל האָט זיך אומגעוואלגערט, נאָר זיי זײַנענ צוריקגעקומענ אהיים, צו ייִדנ״ („דער שטומער״). איצט זײַנענ אלעקסאנדער מיט אסענ פארנומענ מיט רייניקנ די בעשאָמעס זייערע, אונ זייער „טראגעדיע״ באשטייט אינ דעם, וואָס זיי קענענ זיך נאָך ניט ענטגילטיק אויספלאָנטערנ פונ די רעוואָליוציע-נעצנ, אָבער דער ווילנ, דער באגער צו דעם איז גע־ וואלטיק גרויס. דער וועג אײַנצוואָרצלענ זיך צוריק אינעם בורזשואזנ לעבנ איז פאקטיש אָנגעצייכנט. די זעלבע „היימקער״-מאָטיוונ זײַנענ אויך כאראקטעריסטיש פאר נאָמבערגס „מישפאָכע״.

## II

די מאָטיוונ פונ אומצופרידנקייט אונ אנטוישונג מאכנ ניט דורכ אזא פארוואנדלונג אינ בערגעלסאָנס ווערק. אינ זיי קומט הויפּטזאכלעכ צומ אויסדרוק דער אָפּלייקענונג-פּאטאָס. די זיידישע ירושע, די „יידישקייט"-אידייענ אונ געפילנ קענענ ניט דינענ בערגעלסאָנס פערסאָנאזשנ פאר קיינ שומ טרייסט. וועגנ דעמ אפילו טראכט ניט מירעלע, מיילעכ, כאימ-מוישע. אונ בערגעלסאָנס געשטאלטנ זיינענ ביכלאל ניט קיינ אָפּלייקענער פונעמ „זיידנ", נאָר זיי טרעטנ אָפּטער ארויס ווי אָפּלייקענער פונ אלצ אונ אלעמענ, פונ דער גאנצער וועלט (איינגעשלאָסנ שוינ די „יידישקייט"-אידייענ), וועלכע דערשיינט פאר זיי ווי א פארעלטערטע אונ גייסטיק אויסגעלייריקטע. אונ וואָס מער די געשטאלט פארמאָגט אינ זיכ אָפּלייקענונג-פּאטאָס, אלצ נעענטער איז זי דעמ שרייבער, אלצ מער פארטרויט ער איר. אזא איז דער פרינציפּ אינ בערגעלסאָנס געשטאלטנ-וועלט. די סאמע נאָענטסטע אונ „אייגענע" פאר בערגעלסאָנענ צווישנ זיינע אינטעליגענטנ-געשטאלטנ זיינענ געוויס מירעלע, מיילעכ, כאימ-מוישע.

מירעלע גייט ארומ אונ האלט אינ איינ קאָלעקציאָנירנ אומגליקנ, מירעלענ איז „אזוי שווער אונ עקלדיק אפּ דער נעשאָמע, גלייכ מע וואָלט נעמענ דאָס הארצ אונ עס איינגאנצנ אינ עפּעס ברודיקעס איינטונקענ... אונ פונ אונטער די דרויסנדיקע פארוואָלקנטע הימלענ האָט ארייַנגעקוקט דער נייער וויסטער זונטיק אונ האָט דאָ דורכויס זיינ איינציק לאנגווייליקע מאכשאָווע געשפּרייט: א נייע וואָכ... א וויסטע וואָכ, א פּוסטע וואָכ" („נאָכ אלעמענ", ז. 216, דריטע אופלאגע, קיעוו) *.

מירעלענ דוכט זיכ, אז זי געפינט זיכ אינ א פּוסטנ אונ אויסגעליידיקטנ רוימ. זי פילט מאמעש פיזיש, אז דער איקער אינ לעבנ איז פארלאָרנ געגאנגענ, אונ „אלע מענטשנ זיינענ שוינ אייגנטלעכ צו אלט אונ צו קלוג ווייטער צו לעבנ. צייט איז שוינ עפּשער, אז אלע זאָלנ זיי וואָס גיכער אויסשטארבנ, אפּ זייער אָרט זאָלנ געבוירנ ווערנ נייע" („נאָכ אלעמענ", ז. 51). עס זאָלנ געבוירנ ווערנ

* אימעטומ ציטירנ מיר פונ דער דאָזיקער אופלאגע פונ „נאָכ אלעמענ".

נייע! עס איז גאנצ בלייכ בא מירעלען די האָפענונג אפ נייע מענטשן, די האָפענונג איז דאָך שוין לאנג בא מירעלען אנ אויסגעלאָשענע. מירעלע פילט דאָך אזוי שארפ און ווייטעקדיק די „פוסטקייט פונ די טעג, וואָס זיינען אוועק און פונ די טעג, וואָס וועלן קומען" (ז. 104).

פארוואָס איז מירעלעס הארצ פארצויגנ מיט אזא טיפנ הארבסט, פונוואנענ שטאמט דער גרויסער אומעט און טרויער אינ מירעלעס בלויע אויגנ? פארוואָס איז איר אזוי עקלדיק אפ דער נעשאָמע?

אינ „נאָכ אלעמען" זיינען די דאָזיקע אלע שטימונגען גרופירט דעריקער ארומ א שטייגער-מאטעריאל: „גאנצע פיר יאָר האָט זיכ צווישנ זיי געצויגנ דער היימישער קליינשטעטלדיקער שידעכ" און ניט צושטאנד געקומען. מירעלע צערייסט מיטנ גווירישנ באָכער וואָווע בורנעסן, זי אנטלויפט פונעמ קנאסמאָל מיט דעמ בורזשוא שמועל זיידענאָווסקי. איר איז אינגאנצנ ניט צומ הארצנ נאָסנ הע-לער, ווייל די אלע בורזשואזע פארשוינענ זיינען אינ אזא אָדער אנדער מאָס (וועלוול בורנעס א ביסל ווייניקער) א פארקערפערונג פונ דער גאנצער ארומיקער אומווירדיקייט און אויסגעליידיקטקייט. דאָס פילט מירעלע זייער שארפ. אָט שטעלט זי זיכ פאָר אזא בילד: „אינ צוויי יאָר ארום נאָכ דער כאסענע מיט העלערנ, זי ליגט נאָכ דער פארנאכטיקער טיי אפנ דיוואנ, וואָס אינ יענעמ פארוואָקסענעמ פאבריק-שטיבל, ליגט דאָרט איינע אליינ און טראכט גלייכגילטיק און אָנ א שום ווילנ אינ הארצ:

ער...נאָסנ... ער האָט זיכ שוינ אזויפיל מאָל פונ דער פאבריק אהיימ אפ נאכטלעגער אומגעקערט... געוויס וועט ער היינט אויכ אהיימ קומענ"... („נאָכ אלעמען" ז. 84).

א שוידער כאפט זי ארומ פונ אזא אויסגעליידיקטנ לעבנ, און איר ענטפער מוז שוינ זיינ אזא: „ער, העלער, מעג נאָכ היינט פונ שטעטל אוועקפאָרנ... עס וועט פונ דעמ גאָרניט זיינ" (דאָרט ז. 84).

עס האנדלט זיכ דאָ זיכער ניט וועגנ א „קליינשטעטלדיקער טראגעדיע", נאָר וועגנ דעמ, וואָס מירעלע „קענ מער מיט די ארו-מיקע צושטאנדנ ניט אויסקומענ", און פונדאנענ שטאמט איר או-מעט און אומצופרידנקייט, איר טרויער און פארטראכטקייט.

מירעלע גייט ארומ איבער די הינטערשטעטלדיקע פעלדער מיטנ

הינקענדיקנ ליפקיסנ אונ זוכט דעם פארלאָרענעם איקער: „ליבע איז נישט דער איקער, יעדערער פאר זיכ ווייסט דאָס... אונ דאָכ, דער איקער אליינ, ווו איז ער! עפּשער איז פּאָרט פאראנ אזא ווינקל אינ לעבנ, ווו מע קאָנ ווענג אימ א פּאָר ווערטער הערנ" („נאָכ אלע-מענ" ז. 157).

עס איז קלאָר אָבער, מירעלע ווייס ניט פונ אזא ווינקל, ווו מע קאָנ כאָטשבי א פּאָר ווערטער הערנ ווענג לעבנס-איקער. אינ איר „עפּ-שער" איז גיכער פאראנ די איבערצײַגונג, אז ער איז גאָר ניטאָ. אונ דאָס איז דאָס צענטראלע, אונ דאָס האָט שוינ באשטימט איר קראכ אינ אינטימענ לעבנ. דער קאָנקרעטער אָנזעצ-מישמאש פונ איר פּאָטער איז דער אנטשפּרעכיקער פּאָנ פאר די אלע כאראקטעריזירטע שטימונגענ.

די מירעלע-שטימונג אָדער פינקטלעכער, די „נאָכ אלעמענ"-שטימונג וועלנ מיר טרעפנ קימאט בא אלע אינטעליגענטנ בערגעל-סאָנס (פונ דער ביז-סאָוועטישער שאפונג), צו וועלכע דער שרײַבער באציט זיכ מיט ליבע אונ ווארעמקײַט. זיי זײַנענ אינ אזא אָדער אנדער מאָס א פארקערפּערונג פונעם שרײַבערס פּערזענלעכקײַט. די יעניקע אינטעליגענטנ, וואָס טיילנ ניט די „נאָכ אלעמענ"-שטימונגענ, וועלנ ארויסטרעטנ ווי נישטיקײַטנ, אינטעלעקטועל אָרעמע. אזעלכע זײַנענ געוויס די צופרידענע צוויי גרויס-שטאָטישע סטודענטנ מיט זייערע פלוידערײַענ בא וואָווע בורנעסנ אינ הויז. אזא איז אויכ דער זעלבסטצופרידענער פּרעמדשטאָטיקער בורזשואזער סטודענטל, מא-דאם בראָמבערגס קאָרעוו מיטנ זילבערנעם פּאָרטסיגאר אונ די פיל גאָלדענע מאָנאָגראמעס אפנ שטעקנ („אָפּגאנג"). אזא איז אויכ דער רויטלעכער סטודענט מיטנ געעלטערטנ פּאָנעם, מיט די פּאָר גע-דרוקטע ציאָניסטישע ארטיקלענ זײַנע אונ מיט זײַנע „פילאָזאָפישע" ריידערײַענ ווענג „סובסטאנצ" („אינ פארטונקלטע צײַטנ"). די אלע אינטעליגענטנ וועלנ בא בערגעלסאָנענ פארוואנדלט ווערנ אינ סאָכ-רימלעכ, ווי פּרויקע אינ דער „פארגרעבטער שטאָט". צו זיי האָט בערגעלסאָנ ניט די מינדסטע סימפּאטיע. זיי זײַנענ פאר אימ איינ גרויס שטיק אומווירדיקײַט. זייערע מויכעס זײַנענ טעמפּ, צו זיי קאָנ ניט דערגיינ דער ווייטעק פונ דער אויסגעליידיקטער וועלט, זיי

קאָנען ניט הערן, ווי עס פאַלן די גערע בלעטער פון די ביימער און ווי „די וועלט שווייַגט". די אינטעליגענטן פון מירעלעס שניט זייַנען בא בערגעלסאָנען געשילדערט ווי מענטשן מיט א העכערן פארשטאַנד און העכערן עמעס.

## III

אין א יאָר ארום נאָכן דערשייַנען פון „נאָך אלעמען" (1913 יאָר) האָט ד. בערגעלסאָן אָפּגעדרוקט אין דער ווילנער „יידישער וועלט" זייַן גרעסערע דערציילונג „אין א פארגרעבטער שטאָט", און באַלד נעמט ער זיך פאר זייַן „אָפּגאַנג" (פארעפנטלעכט פיל שפעטער). אין אָט די ווערק הערן מיר ווידער די „אייביק אומעטיקע מעלאָדיע, וואָס באגלייט דעם שטומען אומגליק פון גאָר דער וועלט" („אָפּגאַנג", זאמלבוך „אייגנס", ב. 2, ז. 21). שוין אין די נעמען פון בערגעלסאָנס ווערק „נאָך אלעמען", „אָפּגאַנג", „דרויב", „פארגרעבטע שטאָט" האָבן מיר א קינסטלערישן אויסדרוק פון די געשילדערטע שטימונגען.

דער שוידער אין „אָפּגאַנג" איז נאָך מער שוידערלעך, דער ווייטעק — נאָך ווייטעקדיקער, דער טרויער — נאָך טרויעריקער. „אָפּגאַנג" איז בערגעלסאָנס קינסטלעריש ווייניקער געראָטן, ווי „נאָך אלעמען", און עס איז געוויס דערפאר, ווייַל „אָפּגאַנג" איז א ווייַטערדיקער צוריק-טראָט פון דער רעאליסטישער ליטעראטור, אָבער די מאָטיוון פון שטומען ווייטעק זייַנען דאָרט געשטארקט, און דאָס גייט אונדז איצט אָן.

סארא שוידער עס ווייעט פון כאַים-מוישעס מאכשאָוועס: כאַים-מוישע ווערט מעגולגל אין א פרעמדער שטאָט, פרעמדע גאסן, פרעמדע הייַזער, ער קומט ארייַן אין איינעם א הויז און דערזעט דאָרט הענגען א פּאָר רעק. „גוט, האָט ער א טראכט געטאָן. רעמאָזים אפ מענטשן, נאָר די מענטשן אליין זייַנען ניטאָ. ער ווארט א ביסל צו, קומט ארייַן אין עס-צימער, נאָר דאָרט איז אויך קיינער ניטאָ, אָפּגעטרונקענע גלעזער טיי אפן טיש, און א סאמאָוואר אין דער זייַט. דו טוסט אים א טאפּ — ער איז נאָךווארעם. אן אָפענער בוך ליגט אפן טיש — עמעצער האָט, אפּאָנעם, אין אים נאָרוואָס געלייענט,

נאָרוואָס געזוכט מיט די אויגנ צווישנ די שורעס. טירנ זייַנעג אָפנ דורכויס אינ די ארומיקע צימערנ. נאָר אויכ דאָרט איז קיינער ניטאָ. ער רופט, נאָר קיינער ענטפערט אימ ניט״, אונ כאימ-מוישע ווענדט זיכ אינ מאכשאָווע נאָכ אנ אייצע צומ געשטאָרבענעמ מיילעכ: „איז אָט, מיילעכ, וואָס־זשע דארפ איכ נאָכ דייַנ מיינונג טאָנ? — היטנ, כאימ־מוישע — היטנ ביזוואנענ עס וועט קומענ דער באלעבאָס. — נו, אונ דו, מיילעכ? ווארט... וויאזוי ביסטו אוועק?״ („אייגנס״, ב. 2, ז. 60).

אָט אזוי שרעקלעכ דערשייַנט די וועלט פאר מיילעכנ אונ כאימ־מוישענ, אונ צו דעמ געדאנק וועגנ אנ אנדער באלעבאָס אפ דער וועלט זייַנענ נאָכ דערווייַל בערגעלסאָנס „אייגענע״ אינטעליגענטנ מייַלנ ווייַט. מיילעכ האָט אפילע געהאט א שטיקל שייַכעס צו דער ארבעטער-באוועגונג, געווענ אפילע א פאָר יאָר פארשיקט דערפאר, אָבער אינ דער ארבעטער-באוועגונג האָט ער פארבלאָנדזשעט מיט א היפש פעקל „אָפגאנג״-שטימונגענ אונ געזוכט האָט ער דאָרט, אפאָנעמ, נייַע עמפינדונגענ, נייַע אייַנדרוקנ, קעדיי צו פארפולנ די אייגענע גייַסטיקע לערקייַט. בערגעלסאָנס אומצופרידענע אינטעליגענטנ האָבנ נאָכ דערווייַל געהערט צו די יעניקע, וועגנ וועלכע מארקס האָט אמאָל געזאָגט, אז זיי קאָנענ ניט אָרגאניש „אָנ שומ רעזערוואציעס אָנייגענענ די פראָלעטארישע וועלטאָנשויונג״.

צו מירעלענ, מיילעכנ, כאימ־מוישענ קומט נאָכ צו א גאנצע רייַ באגלייטנדיקע געשטאלטנ: אינ „נאָכ אלעמענ״ זייַנענ דאָס די ארייַנגייער פונ דער אקושערקעס שטיבל, אינ „אָפגאנג״ זייַנענ דאָס כאווע פויזנער, עטל קאדעס, פרעגער, ייִצכאָק-בער דער קאסיר. זיי אלע האָבנ די פונקציע אונטערצושטרייַכנ די גרונט-שטימונג — „אָפגאנג״. אָט איז אנ אויסגעשפראָכענע מירעלע-איבערלעבונג אינ דער שילדערונג פונ כאווע פויזנער: „זי איז ווי א פארגעסענע געזעסנ בא דער זייַט ווייַט פונעמ טיש אפנ קליינעמ קורצנ סאָפקעלע אונ האָט געהאט אזא גלייַכגילטיקנ אויסזענ, גלייַכ אָט דאָס קנאסמאָל לעבט זי איבער דאָס צענטע מאָל אינ מעשעכ פונ איר לעבנ: ס׳איז נימעס, אונ זי וויל ס׳זאָל זיכ גיכער, וואָס גיכער ענדיקנ״. („אָפגאנג״, „אייגנס״, ב. 2, ז. 96). אינ אזא אָדער אנדער מאָס ווערט די אומצופרידנקייַט בא די אלע באגלייטגעשטאלטנ אויכ טראנספאָרמירט אינ ייִעש, פארצווייפלונג.

## IV

עס איז ביז גאָר כאראקטעריסטיש פאר בערגעלסאָנען, אז שוין בא אייניקע פערסאָנאזשן פון „ארום וואָקזאל״ טרעפן מיר די זעלבע שטימונגען. דער מעקלער בייניש רובינשטיין, דער סויכער איציק זײַנען איך אומצופרידענע פון אזא שניט, זיי פילן אזוי שטארק דעם „ארום וואָקזאל״-אומעט, די „ארום וואָקזאל״-פוסטקײַט. דער „באליידיקטער און פארגעסענער״ בייניש רובינשטיין ענטפערט שטענדיק, אז מע פרעגט אים עפּעס, מיט א צעטראָגענעם „א״ און דער סויכער איציק ליגט אף דער קאנאפּע מיטן פּאָנעם צו דער סטעליע און טראכט, אקוראט ווי מירעלע, עס רירט אים אפילע ניט, וואָס די וואָקזאל-סאָכרים פארדינען. עס איז מער ווי קלאָר, אז די אומצופרידענע כאָכרים און מעקלער האָט דאָ בערגעלסאָן צוגעשריבן אינטעליגענטישע אייגנשאפטן און שטריכן.

בערגעלסאָן האָט שוין אין דער ערשטער גרויסער דערציילונג זיינער, אין „ארום וואָקזאל״, (1909 יאָר) געגעבן א זעלטן קינסטלערישע אנטפּלעקונג פון דער ארומיקער באלעבאטישער אומווירדיקײַט, פארקערפּערט אין די פארשיידענע אווראָמציקס און פּיוניאקס מיט זייער זאטן און פוילן שמייכל״, מיט זייער „פוילן און פעטן בויך״ און מיט זייערע „שמעלצנדיקע סאָכרישע געדאנקען״. דעם גאנצן סאָכרישן „ארום וואָקזאל״-טאָג שילדערט בערגעלסאָן, ווי אן אָנגעפּילטן מיט געשעפט און ניוול-פּע: „א מיעס לעבן, א נאריש לעבן״... בערגעלסאָן שילדערט אונדז אייניקע פערסאָנאזשן, וואָס זײַנען אונדז באקאנט פון שאָלעם-אלייכעמס שאפן, אָבער גאָר אן אנדער טאָן, גאָר אן אנדער נוסעך. טרעפן מיר בא בערגעלסאָנען אין שילדערן די זעלביקע שאָלעם-אלייכעם-סוויווע. עס איז דאָ אינגאנצן פארשוווּנדן די גוטמוטיקײַט און דער שמייכל, וואָס מיר האָבן געהאט אין דער שאָלעם-אלייכעמישער שילדערונג פון דער זעלבער סוויווע.

## V

אין דער קריטיק וועגן בערגעלסאָנען האָבן זיך גאנץ אָפט געלאָזט הערן טענער, אז בערגעלסאָן איז געקומען אין דער יידישער ליטערא-

טור צו אנטפּלעקנ די נישטיקייט אונ קליינלעכקייט פונעם ראַקיטנער לעבנ, פונ דער שטעטלשער אויסקומעניש. אינ שטעטעלע קלאַפּט ניט דער פּולס פונ מאָדערנעמ גרויסשטאָטישנ לעבנ, אינ דעריבער ווייעט דאָ מיט פּוסטקייט אונ אומעט, אונ אפ דעמ פאָנ צעשפּילט זיכ די קליינשטעטלדיקע מירעלע-טראַגעדיע, די מיילעכ-כאַימ-מוישע דראַמע. עס איז ניט אינגאַנצנ אַזוי, אָדער פּינקלעכער, אינגאַנצנ ניט אַזוי. דאָס איז בא פּערעצנ געקומענ צומ שאַרפסטנ אויסדרוק אינעמ ערשטנ פּע-ריאָד פונ זיינ שאַפנ (אינ די „רייזע-בילדער”; אויכ שפּעטער אינ די „יאָנטעוו-בלעטלעכ“), דאָס קעגנשטעלנ דאָס שטעטלשע ראַכיטישע לעבנ דעמ אימפּעטפולנ גרויסשטאָטיש-בורזשואַזנ אייראָפּייִשנ לעבנ, אינ די גרויסע שטעט, אינ אייראָפּע גייט א קאָכיק, שטורמיש לעבנ, אונ דאָ, אינ דער יידישער סוויווע, אינעמ יידישנ שטעטל „זיצט קוימ די אַלטע באָבע אונ פּליקט פעדערנ... דאָרט פירנ הימל אונ ערד מילכאָמע, אונ דאָ שפּאַרנ זיכ צוויי אַלטע מימעס: „וואָס איז בעסער, געריבענער אָדער געשאָבענער רעטעכ”. אינ די גרויסע שטעט, אינ אייראָפּע גייענ אָנ גרויסע סאָציאַלע קריגנ — „בא אונדז איז אויכ געווענ א שטרייק — שרייבט פּערעצ— אונ א שטרייק א דאָפּלטער: דער באַלטאַקסע האָט אופּ-געהערט צו צאָלנ סכירעס די דאַיאָנימ אונ די דאַיאָנימ האָבנ אופּגע-הערט שייַלעס צו פּאַסקענענ” („יאָנטעוו-בלעטלעכ”—„אינ אייראָפּע אונ בא אונדז אונטערנ אַיוונ”). פּערעצ, וועלכער האָט אַזוי ענערגיש גע-קעמפט, באַזונדערס אפנ ערשטנ עטאַפּ פונ זיינ שאַפנ, פאַר אייראָפּיי-יזירנ (פּאַקטיש בורזשואַזירנ!) דאָס לעבנ אינ דער יידישער סוויווע, האָט, נאַטירלעכ, באַזונדערס שטאַרק געהאַט צו אַקצענטירנ אפ דער נייטי-קייט פונ דעמ, אַז אויכ אינ שטעטל זאָל אָנהייבנ שטאַרק קלאַפּנ דער פּולס פונ מאָדערנעמ גרויסשטאָטישנ בורזשואַזנ לעבנ.

בא בערגעלסאָנענ איז ניט ד אָ ס אַקצענטירט, בא בערגעלסאָנענ ווייעט דער וואָקזאַל-אומעט אויסער די גרענעצנ פונ שטעטל. מיילעכ אונ כאַימ-מוישע ברענגענ דעמ אומעט אינ ראַקיטנע דאַפּקע פונ דער גרויסער טומלדיקער שטאָט. כאַימ-מוישע פירט זיינ געשפּרעכ אינ מאַכ-שאָווע מיטנ געשטאָרבענעמ מיילעכ וועגנ פּאַרלאָזענעמ אונ אויסגעליי-דיקטנ הויז, אונ דאָס באַציט זיכ דאַפּקע צו דער גרויסער שטאָט. מי-רעלע בלייבט מירעלע מיט אירע „נאָכ אַלעמענ”-שטימונגענ אויכ אינ

דער גרויסער ראשיקער שטאָט. דער גרויסער אומעט בא בערגעלסאָנס פערסאָנאזשן קאָן אויך דאָרט ניט געלינדערט ווערן, ער האָט זיך גאנצ טיפ פארקליבנ אינ זיי. די יאָרדישע שטעטלעך בא בערגעלסאָנענ אונ זײַנע יאָרדימ-פערסאָנאזשנ זײַנענ אזוי ווי אויסדריקנ פונ א גאנצער אונטערגייענדיקער וועלט. דער „נאָכ אלעמענ" איז א סאך ברייטער, ער באציט זיך קימאט צו דער גאָרער וועלט.

## VI

דאָ איז נייטיק פעסטצושטעלנ איינ זייער וויכטיקנ טעזיס. די אלע בערגעלסאָנס פערסאָנאזשנ, וואָס טראָגנ זיך ארומ מיט די „נאָכ אלעמענ"-אונ „אָפּגאנג"-שטימונגענ געהערנ נאָכ אליינ צו דער זעלבער „נאָכ אלעמענ"-וועלט, געפינענ זיך נאָכ אליינ אינ קרײַז פונ אומקו-מענדיקנ לאגער, כאָטש זיי באטראכטנ זיך ווי ארויסגעפאלענע פונ דער וועלט-סיסטעמ, האלטנ זיך פאר גיירימ, פאר זײַטיקע אונ פירנ מיט דער וועלט א מינ צעלאָכעס-שפּיל. זיי האָבנ פעסט אײַנגעכאזוערט, אז דער איקער איז זײַנ אומצופרידנ אונ אָט אזוי אומצופרידענערהייט אדורכגייג אינ דער „ארומיקער אומווירדיקייט". אונ מע איז שוינ צופרידנ פונ דער אומצופרידנקייט, אונ מע צערטלט זי, מע צאצקעט זיך מיט איר אונ מיט דער אנטוישונג. די וועלט עקזיסטירט שוינ פאר די דאָזיקע אינטעלי-גענטנ נאָר בלויז צוליב דעמ, קעדיי צו באטראכטנ זי אונ ארויסזאָגנ וועגנ איר א פּאָר קלוגע אָפּלייקענערישע געדאנקענ, אָבער מע גייט ארויס פונ דער האנאָכע, אז די וועלט בלײַבט אזא ווי זי איז, ניט איבערצומאכנ. אָביעקטיוו באקומט זיך דעריבער אזא בילד: אויך די אָפּלייקענער, אויך די אומצופרידענע בערגעלסאָנס זײַנענ גײַסטיק אויס-געליידיקטע, גײַסטיק באנקראָטירטע, ווי דער קינסטלער זאָל שפּירנ, אז (כאָטש אפּ אנ אנדער שטייגער) בילדנ די דאָזיקע אלע פארשוינענ אויך א שטיק פונעמ אומווירדיקנ ארומ: „מע האָט אנ אייגנ צוגעטראכט וואָרט" צו דער פרעמדער וועלט, „אונ מע כאזוערט עס אלעמאָל איבער: „דער שטומער פראָטעסט... דער אייביקער שטומער פראָטעסט" („אָפּגאנג", „אייגנס", ב. 2, ז. 12).

אונ דער דאָזיקער שטומער פראָטעסט, לאָזט זיך אויס, איז אזוי נישטיק אונ קליינלעך אונ אינהאלטלאָז, ווי עס איז פוסט אונ נישטיק

די וועלט אינ דער פאָרשטעלונג פונ מייִלעכנ אונ כאַימ-מווישענ. אָט טראַכט מירעלע: „אַלע, די אַקושערקע פּאָליע, סאַפּיאַנ, ליפּקיס זייַנענ ניט צופרידנ מיטנ לעבנ, נאָר קיינער פונ זיי טוט גאָרניט, קעדיי אָט דאָס לעבנ איבערצומאַכנ. אונ אַפ דער וועלט זייַנענ פאַראַנ פיל אַזעלכע אומצופרידענע אַקושערקעס, פּאָליעס, סאַפּיאַנס אונ אַלע קומענ זיי זיכ איצט אינ אָוונט צונויפ אינ באַלויכטענע הייַזער, וואָס אינ פאַרשיידענע שטעט אונ שטעטלעכ אונ אַלע גייענ זיי נאָכ דעמ אַוועק צו זיכ אַהיימ אונ טוענ דאָרט ווייַטער דאָס, וואָס זיי האָבנ שוינ געטאָנ נעכטנ, דאָס, וואָס איז שוינ פיל מענטשנ פאַר זיי נימעס געוואָרנ צו טאָנ.

אונ סאָפקאָלסאָפ... איצט, אינ אָט דעמ קילנ פאַרנאַכט, וואָס נעמט אַרומ די וועלט...

„ערגעצ מוזנ דאָכ איצט סאָפקאָלסאָפ זייַנ אַזעלכע, וואָס פּרוּוונ טאָנ עפּעס אַנדערש“ („נאָכ אַלעמענ“, 247). אַוודע זייַנענ ערגעצ דאָ אַזעלכע, וואָס טוענ עפּעס אַנדערש, נאָר יענע זייַנענ דאָכ אַנדערע אומצופרידענע, וועלכע געפינענ זיכ א ו י ס ע ר דער „נאָכ אַלעמענ“-סוויווע, אויסער דער „נאָכ אַלעמענ“-וועלט.

אַפ וויפל די מירעלעכ אונ מייִלעכס האַלטנ, אַז די גאַנצע ווירקלעכקייַט, די גאַנצע געזעלשאַפט איז אַנ אומווירדיקע, מוזנ זיי דאָכ סאָפקאָלסאָפ ווערנ אינדיווידואַליסטנ. מע פרעגט אַלצ אָפ, עס בלייַבט נאָר די אייגענע אָפפרעגערישע אָפלייקענערישע פּערזענלעכקייַט, עס בלייַבט נאָר די אייגענע עמפּפינדונג וועגנ דער אומווירדיקער וועלט, נאָר זי איז „רעאַל“. אָט באַמערקט בערגעלסאָנ וועגנ מירעלענ, אַז זי איז „דאָכ אייגנטלעכ ניט געווענ פייִק צו פאַרטראַכטנ זיכ וועגנ א וואָסער ניט איז מענטשנ, וועלכער האָט אויסער איר אייגענער באַסיעכידישער נעשאָמעלע געלעבט“ („נאָכ אַלעמענ“, ז. 37).

די אַלע בערגעלסאָנ-אינטעליגענטנ, וועלכע זייַנענ פול געווענ מיט א מינ נעגאַציע-פּאַטאָס, זייַנענ געווענ פאַקטיש אומצופרידענע מיט דער אייגענער בורזשואַזער געזעלשאַפט. מער ווי א נעגאַציע-פּאַטאָס האָט בערגעלסאָנ פונ יענער צייַט אַליינ ניט פאַרמאָגט, איז ער געווענ א בורזשואַזער שרייַבער, וואָס האָט ניט אַפּאָלאָגעטיזירט די בורזשואַזע געזעלשאַפט, נאָר גראָד אויסגעדריקט אינ זייַנ שאַפנ די אומצופרידנקייַט מיט איר. אונ דאָ האָט זיכ בערגעלסאָנ געוויס אָנגעשלאָסנ צו „יענע

גרויסע ליטעראַרישע ווערק פון די לעצטע עפּאָכעס, וואָס זײַנען פול געווען מיט לײדן, טרויער, ווײטעק און פאַרצווייפלונג. דאָס צוקוקן זיך צו דעם טרויעריקן בילד פון דער געזעלשאַפט און זען זי אַזאַ ווי זי איז געווען און ווי זי איז נאָך איצט,... האָט באַדעקט דעם שטערן כונעם פּאָעט מיט קנייטשן און האָט אָנגעפילט מיט ווייטעק זײַנע אויגן".

די דאָזיקע ווערטער געהערן דעם פראַנצויזישן שרײַבער אַנדרע זשיד, און אַנדרע זשיד האָט דאָ אײַנזינען די בורזשואַזע געזעלשאַפט. אין טאָג איז דאָך אויך בערגעלסאָנס „אַרומיקע אומווירדיקײַט"—בורזשואַזע ווירקלעכקײַט, און דעריבער איז בערגעלסאָן פון יענער צײַט פאַר אונדז פיל אָנגעמבאַרער, ווי אַ ריי אַנדערע בורזשואַזע שרײַבער פון יענער צײַט. געוויס, האָט זיך אין בערגעלסאָנס ווערק פון יענער צײַט געפילט אַ מין שמערץ, דאָס האַרץ האָט אַזוי ווי געווייטעקט, וואָס די בורזשואַזע וועלט איז דערגאַנגען צו אַזאַ פוסטקײַט און באַנקראָט, דאָס איז באַזונדערס צו פילן אין דעם מינאָרן טאָן, אין וועלכן בערגעלסאָן שילדערט די פאַרמישפּעטקײַט פון דער בורזשואַזער וועלט...

## VII

און אָט דער גרונטיקער און איקערדיקער שטריך אין בערגעלסאָנס ביז-סאָוועטישן שאַפן, דאָס שילדערן די פאַרמישפּעטקײַט פון דער בורזשואַזער וועלט אין אַ מינאָרן טאָן — דאָס לאָזט זיך פילן אין דעם, ווי בערגעלסאָן מאָלט קימאַט די גאַנצע גאַלעריי אונטערנעמער, גווירים. מיר זעען דאָ, ווי טיף עס האָט זיך אין בערגעלסאָנען פאַרקליבן דער סקעפּסיס, בערגעלסאָן גלייבט ניט אין די אַלגעמיינע בורזשואַזע האָפענונגען און טרוימען, ער גלייבט ניט אויך אין די ייִדישע בורזשואַזע האָפענונגען און טרוימען.

די בורזשואַזע קריטיק האָט זיך אין איר צײַט אַרופגעוואָרפן אַף בערגעלסאָנען דערפאַר, ווײַל זײַנע פּערסאָנאַזשן טראָגן זיך ניט אַרום מיט קיין „ייִדישקײַט"-אידייען. מע האָט אים געשטעלט אַלס בײַשפּיל ש. אַשן, באַ וועמען „דאָס ייִדישע פאָלק איז נאָך גאָר אַ געזונט פאָלק", ש. אַשן, וואָס „האָט באַוויזן דעם גלאַנץ און פּראַכט, וואָס איז נאָך פאַרבליבן אין אונדזער גאָלעס". ש. אַש איז דעריבער — לויט דער מיינונג פון דער בורזשואַזער קריטיק — „דער שענסטער מײַסטער פון

רענעסאנס", אונ בערגעלסאָנ איז „דער דיכטער פונעמ יאָרדישנ לעבנ, דער דיכטער פונ אונגדער דעגענעראציע, פונ אונדזער „נאָכ אלעמענ"... בעשאס „אש שפינט ווײַטער דעמ פאָדעמ פונ דער נאציאָנאלער גאָלדענער קייט... איז בערגעלסאָנ אלס קינסטלער, דאכט זיכ, געקומענ פונ דער פרעמד" (ל. קעניג, „ש. אש אונ ד. בערגעלסאָנ" „דאס נײַע לעבנ", לאָנדאָנ, 1916). נאכמענ מײַזל האָט געמאכט פאָרווורפנ בערגעלסאָנענ, אלעמײַ מירעלע, וואָס שטאמט פונ אזא „ייִדישער יאכסאָנישער שטוב"... פילט ניט די ייִדישקײַט אינ זיכ אונ זי זעט ניט „קיינ שאבעטדיקע הימלענ" (נ. מײַזל וועגנ בערגעלסאָנס „נאָכ אלעמענ" 1914 יאָר). אויכ באלמאכשאָוועסנ אימפאָנירט, נאטירלעכ, מער שאָלעמ אש, איידער בערגעלסאָנ. ער פרווט אײַנריידנ בערגעלסאָנענ, אז איינצלנע בלעטלעכ קענענ זיכ אָפרײַסנ פונעמ שטאמ, אָבער „דער שטאמ פונ בוימ טאָר בײַס מײַסע ניט טאָנ קיינ ציטער" („דאָס לעבנ", ווארשע אינ 1914 „ש. אש אונ ד. בערגעלסאָנ") אינ דעמ אלעמ דריקט זיכ אויס באלמאכשאָוועסעס שרעק איבער דעמ, וואָס בערגעלסאָנ איז ניט גענוג נאציאָנאליסטיש געשטימט, וואָס בא בערגלסאָנעג דאָמינירנ גאָר אנדערע מאָטיוונ אונ שטימונגענ, שטימונגענ אונ מאָטיוונ פונ אומצופרידנקײַט, אנטוישונג אונ פעסימיזמ, וועלכע קאָנענ ניט געשטילט ווערנ אונ געטרייסט ווערנ מיט די „ייִדישקײַט"-אידייענ. איצט פרווט זיכ גראָד די בורזשואזע קריטיק אויסצוגעפינענ אינ בערגעלסאָנס ווערק „נאציאָנאלע קאָליזיעס" (זע „ליטערארישע בלעטער" פאר אָקטיאבער 1934 יאָר, נומ. 22). דערמיט מאכט זי א פרווו אומצוקערנ דעמ פארלאָרענעמ פאר איר גרויסנ ייִדישנ שרײַבער.

בײַס בערגעלסאָנ שאפט זײַנ גדאליע הורוויצ-געשטאלט, האָבנ מיר אינ דער ייִדישער בירגערלעכער ליטעראטור זייער א גרויכנ צופלוס פונ ענלעכע סאָציאלע פיגורנ: בא ש. אשנ, בא ווײַטערנ, אינ דער מעמוארנ-ליטעראטור. ווי פארשיידנ עס איז אָבער די אופאסונג אונ די טראקטירונג פונ אָט די סאָציאלע פיגורנ! גדאליע הורוויצ איז ניט די אויסגעשפראָכענע געשטאלט פונ דער מאָדערנער בורזשואזער טקופע, פונקט אזוי ווי דאָס איז ניט ש. אשס יעכעזקל גאמבינער, אָבער אינ אָט די ערעוו-קאפיטאליסטישע פיגורנ דריקנ קינסטלעריש בערגעלסאָנ אונ ש. אש אויס פארשיידענע אידייענ.

אינ די פיגורנ פונ יעכעזקל גאָמבינער אונ שלוימע נאָגיד פארהערלעכט ש. אש דעמ נעכטנ פונעמ אייגענעמ קלאס, קעדיי צו פארטיידיקנ דעמ הײַנט פונעמ זעלבנ קלאס. דער אלטער בורזשואזער שטאמ ווערט בא שאָלעמ אשנ קעסיידער אָפּגעפרישט מיטנ נײַעמ בלוט פונ די ארופגעארבעטע, פונ די מאטעטעס אונ פונ די זשאָכלינערס; גייט אוועק א בורזשואזער דאָר בא ש. אשנ, קומט א נײַער, די מאטעסעס אונ די זשאָכלינערס נעמענ איבער דעמ ייִכעס אונ די קולטור פונ דער אלטער בורזשואזיע. דער גאנצער בורזשואזער אָרגאניזמ איז — לויט אשנ — קרעפטיק אונ געזונט, אונ צו אָט דער בורזשואזער האָפענונג קומט נאָכ אויכ צו די ייִדיש־נאציאָנאליסטישע: דאָס אלטע ייִדישע פאָלק ווערט פארייִנגערט, צו אימ שטייענ צו די מישעס (מערי) אונ די מינקינס (סעריע ראָמאנענ „פארנ מאבל“). אונ דער אלטער בורזשוא, דער ייִד ווערט דאָכ אויכ טיילווײַז א שטיצפונקט אפילע אינ ווײַטערס דראמעס.

אינ דער געשטאלט פונ גדאליע הורוויצ שילדערט בערגעלסאָנ די ייִכעסדיקע אלטע בורזשואזיע מיט איר קולטור. די דאָזיקע אלטע בורזשואזיע קומט אומ, „די ייִכעסדיקע שטילע נעגידישע שטוב“ לעבט איבער אנ „אָנזעצ־מישמאש“. דעמ „בענ־טוירע“ גדאליע הורוויצ זעענ מיר שטענדיק מיט א געבויגענעמ קאָפּ, וואָס איז פול מיט יאָרדישע געדאנקענ. ער איז קראנק אפ א „ראק“, ער מוז אומקומענ, קעגנ ראק איז ניטאָ קיינ רעפוע, אָבער א ראק פרעסט ניט נאָר אימ, נאָר די גאנצע אלטע געהויבענע ייִכעסדיקע בורזשוזיע, אונ זי מוז אומקומענ. אזוי ווערט עס געגעבנ בא בערגעלסאָנענ. אונ די נײַע, וואָס קומענ, די בורנעסעס, די זיידענאָווסקעס — דאָס איז ניט קיינ ווירדיקער פארבײַט, זיי זײַנענ גרויסע אמעראצימ, טאָר זיי האָט בערגעלסאָנ איינ עפּיטעט: „אויסגעיידלטער אמאָרעצ“, „אויסגעיידלטע אמעראצישע צורע“. בערגעלסאָנ דערלאָזט ניט, אז די אלע אופגעקומענע פארשוינענע זאָלנ זיכ באהעפטנ צו דער גדאליע הורעוויצ-קולטור. עס איז העכסט קאָמיש זייער קאָפּירנ די פריצישע רעגילעסנ אונ דאָס וועלנ אויסבילדנ בא זיכ א „פריצישנ כאראקטער“, זיי זײַנענ אלע אינטעלעקטועל נישטיקע. ווערוול בורנעסעס וויסנ באשטייט פונ בירזשע־קענטענישנ, ער האָט אויסגעשטודירט די בירזשע

און די רענטע און א ביסל אונטערגעלערנט דעם „סײכלדיקן לימעד
טישבוירעס״, און ער מײנט, אז ער איז שױן א מענטש מיט גרױס
װיסן. דערבײַ איז דאָך װעלװל בורנעס שױן דער בעסטער, אין אים
װעט בערגעלסאָן אָפטער שילדערן אױסברוכן פון פּאָשעטע װאַרעמע
מענטשלעכע געפילן. מיט אײן װאָרט, דער נײַער דאָר בורזשואזיע
איז אײן שטיק „אומװירדיקײַט״, דאָס איז באַזונדערס צו זען אין
דעם בורזשוא ביך („טױבער״). דאָרט איז נאָך מער געקומען צום
אױסדרוק בערגעלסאָנס פאַראַכטונג צו דעם נײַעם בורזשוא, װאָס
װערט געגעבן אין זײַן גאַנצער פּראַכט: ציניזם, פרעכקײַט, אַמביציעס, גראָבקײַט.
אונדז דאַכט, אז עס האָבן א טאָעס יענע אַלע כאַװײרים, װעלכע פּאַסן אױף „דעם טױבן״ װי אַן אַנדערע און באַזונדערע אידעאָלאָגישע קװאַליטעט אין בערגעלסאָנס ביז־סאָװעטישן שאַפן. „דער טױבער״ איז אָנגעשריבן אומגעפער אין אײן צײַט מיט „אָרום װאָקזאַל״, און געדרוקט איז ער אין 1910 יאָר, װען בערגעלסאָן טרעט שױן צו אױסצולאָדן זײַנע „נאָך אַלעמען״-שטימונגען. פאַראַן אַזעלכע כאַװײ־ים, װאָס פּרוּװן אפילע דערװײַזן, אז „באַם דניעפּער״ שטאַמט פונעם „טױבן״. „דער טױבער״ איז אָבער ניט קײן אױסנאַם אין בערגעלסאָנס שאַפן און ער פּאַסט זיך אַרײַן אין בערגעלסאָנס אַלגעמײנעם אידעאָלאָגישן גאַנג. אין „טױבן״ איז דעריקער געקומען צום אױסדרוק בערגעלסאָנס פאַראַכטונג צום אומװירדיקן בורזשוא ביך. אַלע שפּעטערדיקע װערק בערגעלסאָנס דעשיפרירן, אז בערגעלסאָן האָט באַזונדערס אַטאַקירט דעם נײַעם, דעם אױפגעקומענעם בורזשוא.
איצט, אין זײַן סאָװעטישן פּעריאָד, שילדערט בערגעלסאָן דעם בורזשוא מיכאָעלן און דעם צאַד שעקענעגעד — די הינטערגעסלעך. פריִער האָט בערגעלסאָן געהאַט דאָ קעגנצושטעלן אַן אַנדער מין צאַד שעקענעגעד. בערגעלסאָנס פריִערדיקע „צדאָדים״ זײַנען געװען די אַריסטאָקראַטישע, די לאַמדאָנישע ייִדישע בורזשואזיע, פון אײן זײַט, און די אינטעלעקטועל-לײַדיקע, די נישטיקע אױפגעקומענע בורזשואזיע, פון דער אַנדערער, — און בערגעלסאָן דערלאָזט בעשומױפן ניט דעם שידעך צװישן דער אומפאַרמײַדלעכער אונטערגײענדיקער לאַמדאָנישער גדאַליע הורװיץ־בורזשואזיע און דער אַרופגעאַרבעטער אַמע-

ראצישער בורנעס-בורזשואזיע. דאָ איז גראָד ניטאָ קיין „בורזשואזיע־צוכט", ווי עס מיינט כ' ליטוואקאָוו, ניטאָ קיין גארונג אָפּצופרישן דעם אלטן שטאם. זיין צעפאלונג איז אומפארמיידלעך. און כאָטש גדאליע הורוויץ ווערט בא בערגעלסאָנען דורכויס אידעאליזירט, ער טרעט באם שרייבער ארויס ווי דאָס שיינדל פון קולטור, פון דער אריסטאָקראַטישער לאמדאָנישער קולטור, פארבינדט שוין ניט דער שרייבער קיין שום האָפענונגען מיט דעם דאָזיקן אלטן בורזשואזן שטאם. בערגעלסאָן שפירט, אז דער דאָזיקער שטאם איז אפ דורך און דורך צעפוילט און אונטערגעהאקט, און דעריבער קאָן שוין בא בערגעלסאָנען קיין שום רייד ניט זיין וועגן רופן צוריק, צו דער גדאליע הורוויץ־קולטור.

אין קעגנזאץ צו דער ש. אש-קאָנצעפּציע איז די גרונט-אידיי, וואָס ווערט פארקערפּערט אין דער גדאליע הורוויץ־געשטאלט, אזא: די בורזשואזע וועלט איינגאנצן געוואָרן איז אויסגעלייזט, די אלטע בורזשואזיע קומט אום און מוז אומקומען, די נייע איז אומווירדיק. עס פארשטייט זיך, אז בא דעם דעמלטיקן בערגעלסאָן האָט זיך גערעדט ניט וועגן דער בורזשואזער וועלט, נאָר וועגן וועלט ביכלאל, וועגן „ארומיקער אומווירדיקייט" ביכלאל, אָבער די דאָזיקע „אנאָנימישקייט" איז העכסט כאראקטעריסטיש פאר א שרייבער, וואָס איז אומצופרידן, האָט זייער א כאך שווערע און ביטערע טיינעס צו דער בורזשואזער וועלט, נאָר געפינט זיך נאָך אליין אין אירע גרענעצן.

בערגעלסאָן האָט אָבער אויך געפּרואווט זוכן נייע אָריענטירנדיקע פיגורן אינעם בורזשואזן קלאס. ער האָט אפילו געשאפן די געשטאלט פונעם יונגן סימפאטישן אימפּעטפולן בורזשוא מאָנטשיק: „מאָנטשיק איז א ווויל יינגל", זאָגט מירעלע (269). ער שיידט זיך שארף אונטער פון די אלע בורנעסן, זיידענאָווסקיס, אָפגערעדט שוין פון די ביקס. אָבער אויך מאָנטשיק ווערט פארשוונקען פון דעם „גאנצן אומווירדיקן ארום".

געווויס ציען זיך פון מאָנטשיקן פעדעם צו די ראפאָפּאָרטס פון „אין פארטונקלטע צייטן". די גאנצע בורזשואזע סוויווע ווערט שוין אינעם ראָמאן „אין פארטונקלטע צייטן" געשילדערט ווייכער, און זי איז שוין ניט קיין אָפּגייענדיקע. אויב דער יונגער בורזשוא יוסעפ שור, וואָס האָט שוין הינטער זיך דוירעס לאמדאָנישע ייכעס־

דיקע גוויִרים, זאָגט: „דער איקער איז לײַדנ שטיל אונ אזוי, אז קײנ בענאָדאָמ זאָל דערפונ ניט וויסנ“ („יויסעפ שור“), איז דאָס בלויז רײנ אויסערלעכ. אינעמ ראָמאנ „אינ פארטונקלטע צײַטנ“ דרײענ זיכ שוינ ארומ מאזלדיקע גדאליע הורוויצעס, ניטאָ שוינ דאָ די פארמישפּעטקײט, דאָ קאָנ מענ געוויס אָנטאפּנ אנ ענדערונג אינ דער שילדערונג פונ דער בורזשואזיע, אָבער די צײַטנ זײַנענ פאָרט „פארטונקלטע“, זײ זײַנענ שוינווירקלעכ פארטונקלטע פאר דער בורזשואזער וועלט, בערגעלסאָנ האָט דערומ אָנגעשריבנ אײנ טײל אונ ווײַטער ניט געקאָנט פאָרזעצנ.

ווענג דעמ האָט ער געשריבנ אינ דער אמעריקאנער קאָמוניסטישער צײַטונג „פרײַהײַט“ אינ 1926 יאָר (22-טנ אווגוסט) אינ זײַנ פּאָלעמיק מיט ניגערנ: „בײס איכ האָב זיכ אינ „פארטונקלטע צײַטנ“ פארמאָסטנ צו געבנ די ברײטע לײַוונטנ פונעמ יידישנ מיטלשטאנד אינ רוסלאנד צוזאמענ מיט דער אזויגערופענער „יידישער גרויסבורזשואזיע“ האָב איכ באוויזנ אָנצושרײַבנ אײנ טײל, בלויז די ערשטע קאפּיטלעכ, ווײַל בײס איכ האָב געשריבנ די ווײַטערדיקע קאפּיטלעכ, איז דער פּלאצ, אפ וועלכנ כ'האָב מײַנע „העלדנ“ פריִער געזענ, שוינ געווענ הויל אונ פּוסט, אָפּגעווישט אזוי, אז קײנ שטויבעלע איז אפ אימ ניט געבליבנ, אונ איכ האָב שוינ ניט געהאט וואָס ווענג זײ צו שרײַבנ“. וואָס צו שרײַבנ, איז, פארשטײט זיכ, געווענ, דאָ האנדלט זיכ אָבער ווענג עפּעס אנדערש. בערגעלסאָנ, דער גרעסטער יידישער קינסטלער פונ דער לעצטער צײַט, האָט ניט געקאָנט ניט שפּירנ, אז איצט איז שוינ אומעגלעכ צו שילדערנ די בורזשואזיע ווי ניט קײנ פארורטײלטע, ווי ניט קײנ פארמישפּעטע. דאָס ווערק איז דעריבער געבליבנ א ניט געענדיקטס, עס וועט פארלויפנ א פינפיאָר פארדריסלעכע בלאָנדזשענישנ, אונ בערגעלסאָנ, דער גרעסטער קענער פונ דער בורזשואזיע אינ דער יידישער ליטעראטור, וועט שוינ פארטראכטנ זײַנ „באמ דניעפּער“. עס וועט שוינ דאנ קומענ אנ אנדער מינ פארמישפּעטקײט פונ דער בורזשואזער וועלט, א פארמישפּעטקײט, וואָס איז פארורזאכט פונ נײַע אופשטײַגנדיקע קלאסנ, אונ געשילדערט וועט זי שוינ זײַנ פונ בערגעלסאָנענ פונ א נײַעמ שטאנדפּונקט אונ אינ אנ אנדערנ, אינ א מונטערנ טאָנ.

## VIII

די ארבעטער־סוויווע איז ניט געשטאנענ אינ צענטער פונ בערגעלסאָנס קינסטלערישער אופמערקזאמקײַט ביז זײַנ סאָוועטישנ פעריאָד. מיר האָבנ אויבנ באמערקט, אז בערגעלסאָנ האָט געהאט צו טאָנ מיט אנדערע „צדאָדימ": מיט דער אריסטאָקראטיש-לאמדאָנישער יידישער בורזשואזיע אונ מיט דער אופגעקומענער, דער פארגרעבטער. דער „טויבער" איז ניט געווענ בערגעלסאָנס אײגענע קלאסנ־געשטאלט. דער „טויבער" האָט דעריקער געדינט פאנ אנ אָביעקט אפ צו באווײַזנ דעמ נימעסנ פארצעפ פונ די ביק־פארשוינענ. אָט אקוראט אזוי, ווי לייקע, דאָס שנײַדער-מיידל פונ ראָמאנ „אָפגאנג" איז ניט מער, ווי א מיטל געווענ אפ צו שילדערנ דעמ סטודענט בריל. אינ „נאָכ אלעמענ" איז פאראנ אזא כאראקטעריסטישע שטעלע: בעשאס אײנעמ פונ אירע שפאצירנ אפ די הינטערשטעטלדיקע פעלדער, באמ באטראכטנ די ארומיקע פייזאזשנ, דערזעט מירעלע „א מידנ גוי", וואָס צעאקערט צומ נאכט זײַנ פעלד" („נאָכ אלעמענ", ז. 147). אונ דער דאָזיקער מידער פויער זעט אויס אינ מירעלעס אויגנ ניט מער ווי א באשטאנדטייל פונ די ארומיקע פייזאזשנ. אונ דער אינטערעס צו אימ איז ניט גרעסער, ווי צו דער ארומיקער נאטור.

די זאכ איז באשטאנענ דערינ, וואָס קעדיי צו שילדערנ גדאליע הורוויצנ, מירעלענ, וואָווע בורנעסנ, האָט בערגעלסאָנ בא זײַנ פריערדיקער אידעאָלאָגיש-קינסטלערישער אײַנשטעלונג אינ אלגעמיינ ניט געהאט קיינ נויטיקייט זיכ צו ווענדנ צו אנדערע, צו קעגנזעצלעכע סאָציאלע סוויוועס. אָט איז פארצייכנט, אשטייגער, אינ „נאָכ אלעמענ" דער בליזוער פאקט: א האלב-טוצ ווײַבער דרייט זיכ אינ גדאליע הורוויצעס שטוב אונ גרייט צו מירעלעס כאסענע. פארצייכנט אונ פארבײַגעגאנגענ. אינ גדאליע הורוויצעס שטוב פארבט מענ. גיטעלע האָט זיכ צעצאָלט מיטנ אלטנ פארבער אונ מיט די צוויי „גויעס"—פארצייכנט אונ פארבײַגעגאנגענ („נאָב אלעמענ", ז. 143). דאָסגלײַכנ ווערנ פארעגיסטרירט, ווי א דעטאל, די פארבער אינ שמועל זיידענאָווסקיס הויז („...נאָכ אלעמענ", ז. 222). אינ דער שילדערונג פונ די בורזשוא־געשטאלטנ זײַנענ דאָ אויסגעשלאָסנ פארהעלטענישנ.

פונ קעגנזעצלעכע סאָציאַלע סוויווע. אונ אפ אזויפיל איז פארשמעלערט די געשטאלטנ-גאלעריי, דער טעמאטישער קרייַז.

אינעמ ווערק „באמ דניעפּער", ווו עס זייַנענ גרינטלעכ רעווידירט די פריערדיקע אידעאָלאָגיש־קינסטלערישע איינשטעלונגענ, קאָנ שוינ די בורזשואזיע אָנ די „אונטערשטע שיכטנ" ניט געשילדערט ווערנ. אָנ די הינטערגעסלעכ, אָנ דער „קיכ" קאָנענ שוינ ניט אופגעשטעלט ווערנ די בורזשוא־געשטאלטנ: מיכאָעל לעווינ אונ שיינדל די גרויסע. בערגעלסאָנס אידעאָלאָגישע איבעראָריענטירונג האָט שוינ געמוזט פירנ צו א טעמאטישער אויסברייטערונג. אפ אזא אופנ זייַנענ געבאָרנ געוואָרנ די פּרעכטיקע געשטאלטנ פונ די הינטער-געסלעכ אונ קיכלייַט: נאכמענ דער פארבער, יאנקל דער פורמאנ, בוני די קעכנ. דער נייַער צוגאנג האָט אזויארומ אויכ געבראכט צו דער בארייַכערונג פונ בערגעלסאָנס געשטאלטנ־גאלעריי.

## IX

בערגעלסאָנס קינסטלערישער מעטאָד פונ די אלע אויבנ־אנאליזירטע ווערק איז געווענ אנ אימפּרעסיאָניסטישער. דאָ דארפ בא אונדז גייַנ א רייד ניט וועגנ אימפּרעסיאָניזמ ביכלאל, נאָר מיר דארפנ טאקע קלאָר מאכנ, וויאזוי די אלגעמיינע שטריכנ פונ אימפּרעסיאָניזמ ווערנ קאָנקרעטיזירט אינ בערגעלסאָנס ביז-סאָוועטישנ שאפנ.

ביזנ סאמע „באמ דניעפּער" שילדערט בערגעלסאָנ ניט דירעקט די געשעעניש, די האנדלונג, נאָר ער גיט דעמ עכאָ, דעמ אָפּהילכ פונ דער געשעעניש אונ האנדלונג, ער גיט דעמ אָפּשייַנ, די שטימונג, וואָס די געשעעניש רופט ארויס. אזוי דארפנ מיר לויט מירעלעס שטימונג-„מאכשאָוועסנ" זיכ שוינ שאפנ א בילד וועגנ דעמ גאנצנ „אָנזעצ־מישמאש" אינ גדאליע הורוויצעס שטוב. לויט איר געמיט דארפנ מיר זיכ שוינ אָנשטויסנ וועגנ די געשעענישנ, וואָס האָבנ באדארפט פארלויפנ אָדער זייַנענ פארלאָפנ אינ שטעטל. די צווישנ-באציונגענ צווישנ מירעלענ אונ וואָווע בורנעסנ זייַנענ אויכ ניט געגעבנ דירעקט, מיר האָבנ נאָר רעפלעקסנ וועגנ דעמ אלעמ, אונ לויט די רעפלעקסנ דארפנ מיר באקומענ דאָס בילד פונ די דאָזיקע צווישנ־באציונגענ. אונ מירעלע אלייַנ?

דער מירעלע-כאראקטער איז שוין א פולער, א פארטיקער אין ערשטן טייל ראָמאַן, ווו זי, מירעלע פיגורירט נאָך לאַכלוטן ניט, דער מירעלע-כאראקטער איז דאָרט געשאפן דורך וועלוול בורנעסעס פאָרשטעלונגען וועגן מירעלען און מיילעכן. די געשטאלט פון מיילעכן איז דאָ דורכויס געשאפן לויטן אָפּהילך-מעטאָד. דער ראָמאַן „אָפּגאַנג" הייבט זיך אָן מיט מיילעכס לעווייַע, די גאנצע מיילעך-געשטאַלט איז געשאפן דורך די מאכשאָוועסן פון די שטעטלשע מיידלעך און פון זייַנע קאָלעגן וועגן אים. דער מיילעך-פּאָרטרעט איז אופגעשטעלט דורך די גערדאנקלעכע שמועסן פון כאַים-מוישען מיט דעם געשטאָרבענעם מיילעכן וועגן דעם, וויאַזוי מע דארף אוועקגיין פון דער וועלט: צי מיט א קלאַפּ אין טיר, צי אָן, און צי לוינט היטן די אויסגעליידיקטע וועלט און ווארטן ביזוואנען עס וועט קומען א באַלעבאָס. אָט דעם מעטאָד פון אומדירעקטער שילדערונג פון געשעענישן און פערסאָנאַזשן האָט בערגעלסאָן פאָרגעזעצט אויך שפּעטער, בייס ער האָט שוין געהאט צו טאָן מיט אַן אנדער סוזשעט און אַן אנדער מאטעריאַל, בייס ער האָט געשריבן זייַנע „שטורעם-טעג" און „מידאס האדינ".

די אימפּרעסיאָניסטישע יערושע האָט נאָך דאָרט זייער שטארק געדריקט. אין דער זעלטענער, עכט בערגעלסאָנישער דערציילונג „אָפּ דער הונדערט מיט איינטער וויאָרסט" באַקומען מיר א פאָרשטעלונג וועגן דעם אָנגריף און צוריקטריט פון דער רעוואָליוציע דורך דער פאַרשיידענער באַציִונג פון די קרעטשמע-לייַט צום טעלעפאָן פונעם איבערגעבליבענעם רויטארמייער זאַזולי, דאָס הייסט ווידער דורך דעם אָפּהילך, דורך דער רעאגירונג שאפט זיך דאָס בילד. דער קאַמף צווישן די באָלשעוויקעס און דייַטשן ווערט אויך געשילדערט דורך דעם עכאָ פונעם דאָזיקן קאַמף אין דער אַלטער קרעטשמע, וואָס געפינט זיך ערגעץ „אָפּ האלבן וועג צווישן גרויסן זומפּיקן וואלד און ווייַט צעוואָרפן בלאָטיק דאָרף".

און אזוי איז קימאַט אופגעשטעלט אויך די גאנצע פּיליפּאָוו-פיגור („מידאס האדינ"). אונדזער פּאָרשטעלונג וועגן פּיליפּאָוון שאפט זיך דע-ריקער ניט פון דעם, וואָס דער שרייַבער שטעלט אונדז אוועק פּאָנעם-על-פּאָנעם מיט אָט דעם נאטשאלניק פון באַזונדערן אָפּטייל, נאָר דורך

די אײַנדרוקנ אונ מאכשאָװעסנ פונ די גאַליציאָװקער ייִדנ, די קאָנטראַבאַנדיסטנ, אָדער דורכ די אײַנדרוקנ אונ טראַכטונגענ פונ דעם דאָקטער באַביצקי, יוזי ספּיװאַק אונ מאַטראָס איגומענקאָ. אַלע דײַער פּיליפּאָװס דערגײיענ דאָכ צו אונדז װידער ניט דירעקט, נאָר דורכ אײגנאַרטיקע טראַנסמיסיעס, װי אָפּקלאַנגענ אינ עמעצנס אויערנ.

X

אָט דער אָפּהילכ-מעטאָד איז זײער נאַטירלעכ פאַרנ אימפּרעסיאָניזמ. אינ אימפּרעסיאָניזמ דאָמינירט דאָכ מער דער אײַנדרוק װעגנ די קעגנשטאַנדנ, אײדער די קעגנשטאַנדנ גופא, אינ אים הערשט דאָכ מער די עמפּפינדונג װעגנ דער אויסערלעכער װעלט, אײדער די אויסערלעכע װעלט גופא. דער אימפּרעסיאָניזמ איז פאַרבונדנ מיט יענע פילאָסאָפישע סיסטעמענ, װאָס אָנערקענענ די עמפּפינדונג פאַר דער אײנציקער „רעאַליטעט" אינ דער װעלט. דאָ הערשט די פּאַסיװע רעפּראָדוקציע, דער אײַנדרוק אונ דער רעפלעקס. אונ דער אײַנדרוק, די שטימונג מאַכנ שוינ דורכ שפּעטער אונטער דעם שרײַבערס פעדער א מינ זעלבשטענדיקע אַנטװיקלונג, װאָס איז אָפּגעריסנ פונ די געשעענישנ אונ האַנדלונגענ, זײ בילדנ א מינ באַזונדערע „װעלט", אונ אָט בלויז אינ דע דאָזיקער אויסגעטראַכטער װעלט פונ זעלבשטענדיק זיכ אַנטװיקלענדיקע רעפלעקסנ אונ שטימונגענ טרעפנ מיר מירעלענ אונ מײלעכנ. אזא ראַײכע ניואַנסירטע שטימונג-װעלט בײַ מירעלענ, אונ קײנ שום האַנדלונג, קײנ שום געשעעניש. דער לעזער װערט דאָ באַװירקט מער פונ דער געשילדערטער שטימונג-װעלט, אײדער פונ דער ברײט געשילדערטער אָביעקטיװער װעלט פונ קעגנשטאַנדנ אונ געשעענישנ.

דער עכאָ-מעטאָד האָט, צומ גלויבנ, אָפּגעשפּיגלט דעם אומשטאַנד, װאָס דער ביז-סאָװעטישער בערגעלסאָנ מיט זײַנע „אײגענע" געשטאַלטנ פונ מירעלע, מײלעכ, כאַימ-מוישע-שניט האָבנ זיכ באַטראַכט װי אַרויסגעפאַלענע פונ דער בורזשואַזער געזעלשאַפט-סיסטעם, זײ האָבנ זיכ באַטראַכט װי זײַטיקע אינ לעבנ, װי גײרימ, זײ האָבנ קײנ אַ ק ט י װ ע שײַכעס צו די געשעענישנ ניט געהאַט אונ ניט געװאָלט האָבנ. צו זײ איז בלויז דערגאַנגענ דער אָפּהילכ, דער אָפּקלאַנג פונ די געשעענישנ. אינ דעמ עכאָ-מעטאָד האָבנ מיר, אויב צו זאָגנ, דעם אײַנדרוק פונ „זײַטיקע". די

האנדלונג ווערט פארביטן, זי טרעט אָפּ דאָס אָרט דער שטימונג, דעם געמיט-צושטאנד. אין דעם אלעם ווערט אויסגעדריקט פאסיוויטעט, צו-שוועריקייט און סוביעקטיוויזם, וואָס דער אימפּרעסיאָניזם שליסט אין זיך איין אלס אומבאדינגטע עלעמענטן.

דער מעטאָד פון ניט-דירעקטער שילדערונג פון געשעענישן און פּערסאָנאַזשן באַם ביז-סאָוועטישן בערגעלסאָן האָט שוין אויך געפּאָדערט, דער שרייבער זאָל זיך באנוצן מיט דער דריטער פּערזאָן. „איך" „דו" באטייט דאָך דירעקטע באגעגעניש מיטן פּערסאָנאַזש, דירעקטע שילדע-רונג. די אומדירעקטע שילדערונג גייט געוויינלעך אין דער דריטער פּערזאָן, די אומדירעקטע רייד איז אָפּ אזוי אויפן געווען אן אָרגאני-שער באשטאנדטייל פונעם אלגעמיינעם בערגעלסאָנישן קונסט-מעטאָד.

ביכלאל זיינען בערגעלסאָנס פּרעדיקע פּערסאָנאַזשן געווען גרויסע שווייגערס. אין מירעלעס שווייגן פילט זיך א באזונדערס גרויסע אָנ-לאָדונג פון אומצופרידנקייט און ווייטעק. דער ווייטעק איז שטארקער, ווען ער איז א שטומער. מירעלע וויל ניט און קאָן ניט מיט רייד פארשרייען דעם פּיין, פארטריבן דעם צער. אָפטער ריידן בא בערגעל-סאָנען קעגנשטאנד, די הויפּנס פארשטויבטע קאזיאָנע ביכער האָבן אראָפּגעקוקט פון טיש אומעטיק און געדעדט צו בורמאנען (אין „דער פארגרעבטער שטאָט"): „בורמאנ, גייסט ארום פוסט און פאס, בורמאנ, וועסט האָבן א מיִעסן סאָף". די סאמעטענע סטעזשקעס אין דער ייִכעס-דיק-שטילער נעגידישער שטוב בא גדאליע הורוויצן ריידן זיך אויך איבער: „די קאלע אין יענער שטוב איז גליקלעך". און עס מישט זיך אויך אריין אין שמועס פון די קעגנשטאנדן דער לאנגער פענצטער-פּאָרהאנג און וויל צוגעבן: „זי האָט ליב דעם כאָסן, יענע קאלע", און אויך די ווענט פון גדאלי הורוויצעס שטוב לאנגווייליקן זיך און טראכטן: „שוין כאסענע געמאכט מירעלען, שוין כאסענע געמאכט". און אזוי קעסיידער. א ברייטע האָבן די קעגנשטאנדן, זיי מוזן שוין ריידן, אז די מענטשן זיינען גרויסע שווייגערס.

די „זייטיקייט" איז אזוי שטארק געווען אנטוויקלט בא בערגעלסאָנס אמאָליקע פּערסאָנאַזשן, אז צו די אייגענע געדאנקען האָבן זיי זיך אָפּט צוגעהערט ווי צו פרעמדע. אויך מיט שטריכן פון א „זייטיקן" איז אפילו געשילדערט בא בערגעלסאָנען דער נאטשאלניק פון בא-

זונדערנ אָפּטייל פּיליפּאָוו. דערמאָנט אָפּ טשיקאָווסט אזא דעטאל: פּיליפּאָוו איז אזוי „שפּעט פּארבליבנ דאָ אינ קאנצעליאריע, נאָך דערפאר, וואָס אים איז לאנגווײַליק און וואָס ער איז אנ איבעריקער — אינ ערגעצ אָפּ דער וועלט האָט ער איצט ניט וואָס צו טאָנ“ („מידאס האדינ“, ז. 134). אזוי שטארק אפילע האָט געדריקט די אייגענע טראדיציע.

## XI

דער סוביעקטיוויזמ איז באזונדערס געקומענ צומ אויסדרוק אינ דער בערגעלסאָנישער שילדערונג פונ דער נאטור. די נאטור-שילדערונגענ אינ בערגעלסאָנס שאפנ שליסנ אינ זיכ אײַנ די זעלבע אידיייִשע מאָמענטנ, וואָס די מענטשנ-געשטאלטנ.

די „נאָכ אלעמענ“-שטימונג, דעמ „אָפּגאנג“-געמיט, דעמ „ארומ וואָקזאל“-אומעט טראָגט בערגעלסאָנ אריבער אָפּ דעמ גאנצנ ארומ, אָפּ דער נאטור און אָפּ די קעגנשטאנדנ. בערגעלסאָנ איז א גרויסער מײַסטער פונ שאפנ די געהעריקע מיטשטימונג פונ די פארשיידענע פאָרשטעלונגענ, וואָס דער אינדיווידקע באשאפט זיכ וועגנ וועלט און נאטור. בא בערגעלסאָנענ איז דאָס א מיטשטימונג פונ דעמ נאָכ אלעמענ-געמיט מיט דער „עלעלדיקער“ נאטור, און די „עלעלדיקע“ נאטור איז אײַנגעוועבט בא בערגעלסאָנענ אינ דעמ גאנצנ קינסטלערישנ געוועב.

קימאט ביזנ ווערק „באמ דניעפּער“ איז אלצ פארלאָפנ בא בערגעלסאָנענ אינ איינ קאלענדאר-פּעריאָד, אינ הארבסט. דער „שטילער טרויעריקער עלעלטאָג“ איז געווענ דער דאָמינירנדיקער אינ בערגעלסאָנס נאטור-בילד. בערגעלסאָנס הימלענ זײַנענ שטענדיק געווענ נידעריקע, פארוואָלקנטע און קאלטע, זיי זײַנענ שטענדיק געווענ „קויטיקע“, פארמאָרעשכוירעטע, און שטענדיק האָבנ מיר בא בערגעלסאָנענ זיי געזענ „אײַנגעהילטע אינ גרויע נעפּלענ“ און פונ זיי האָט געטריפט אָנ אופהער „א רעגנדל א סאָפּ-טישרעדיקער“ („נאָכ אלעמענ“). אָדער עס האָבנ זיכ געצויגנ „קורצע וויינענדיקע כעשוונ-טעג“ און „ארומ איז בלאָטיק און נאס, פעלדער וויסטע, אָפּגעשניטענע און פארלאָזטע ציִענ זיכ ארומ בארג און טוקנ זיכ דאָרט אינ כמארע“. („דרויב“).

און ווי עס קליידט דאָ די נאַטור-שילדערונג צו דעמ אויסגעליי-
דיקטנ, דעמ אומווירדיקנ לעבנ. די נאַטור-שילדערונג בא בערגעלסאָ-
נענ האָט שטענדיק געהאַט די פונקציע צו פאַרטיפנ און פאַרשטאַרקנ
די „שוואַרצע פוסטקייט” (הענער קרייענ דאָכ אויכ בא בערגעלסאָנענ
פונ פוסטקייט „נאָכ אַלעמענ”, 330), דעמ גרויסנ וועלט-אומעט.

בערגעלסאָנ האָט קימאַט ניט געוווסט פונעמ קאָנטראַסטירנדיקנ
נאַטור-בילד, און אויב עס האָט זעלטנ ווענ פּאַסירט, אַז בערגעלסאָנס
הימלענ האָבנ זיכ אויסגעלייטערט, האָבנ מיר דאַנ געהאַט „לאַנגווייַלי-
קייט פונ נודנע און הייסע טעג”, „נודנע ברענענדיקע זונענ-שייַנ”
(„נאָכ אַלעמענ”, 338). פונ גרויס שטילקייט און היצ האָבנ דאַנ גענודעט
הימל און ערד, און שטיל נאָגנדיקער בוימ, און ווייַטער האָריזאָנט און
אַלציינס איז דאַנ די וועלט געווענ פוסט” („אָפּגאַנג”, ז. 22).

און אַזוי „נאָכאַלעמדיק” סוביעקטיוו זייַנענ אויכ געווענ באַ-
פאַרבט די קעגנשטאַנדנ בא בערגעלסאָנענ. בורמאַנס קוואַרטיר האָט
אַזאַ אויסזענ: „דאָרט איז אַלצ געווענ פאַרשטויבט און גרוי: גרוי זייַ-
נענ געווענ די ווענט, דער באַלקנ, גרוי זייַנענ געווענ די הויפנס פאַר-
שטויבטע קאַזיאָנע ביכער” („אינ א פאַרגרעבטער שטאָט”).

דער „עלעל”-פּייזאַזש איז נאָכ אפ לאַנג פאַרבליבנ בא בערגעל-
סאָנענ, אויכ אפילע דאַנ, ווענ עס האָט זיכ שוינ אָנגעהויבנ דער
סאָוועטישער פּעריאָד אינ בערגעלסאָנס שאַפנ. אויכ אינ די „שטורעמ-
טעג” „טונקלט זיכ די שטאָט אונטער נידעריק פאַרכמאַרעטע אָסיענ-
הימלענ”, און „סאָפּ-טישרעדיקע רעגנס פאַרפינצטערנ די וועלט”, און
דער „פּאָדפּאָלניק” הירש טאָקער איז אויכ געגעבנ אפ אנ אָסיענדיקנ
פאָנ...

און א קריטיק ברודיקער הימל איז אויכ געהאַנגענ איבער קאַמי-
נע באַלקע („מידאַס-האַדינ”), קריטיקע שאָענ ציִענ זיכ דאָרט און אַזאַ
איז אויכ דער שניי דאָרט. די „אָסיענדיקע הימלענ” זייַנענ דאָ ניט
געגעבנ ווי א קאָנטראַסטירנדיק מיטל, נאָר אויכ ווי א מיטשטימונג:
„די אַרומיקע שניי-קריטיקייט האָט זיכ שוינ געפילט אונטערנ האַרצנ,
אינ דער נעשאָמע און באַמ שוואַרצ-רויכיקנ הימל האָט מענ נאָכ
אַלצ ניט געקענט וויסנ, צי וועט ער געבנ שניי אָדער רעגנ” („מי-
דאַס האַדינ”, ז. 130).

און נאָך בוילעטער און קלאָרער: פילִיפּאָוו „האָט זיך אוועקגעשטעלט באם פענצטער קוקנ אינ דרויסנ. דאָרט איז געווענ, ווי אפנ הארצנ, א פארנאכטלעכע טונקלעניש פונ גאנצ פריאָנ. ס'האָט אי זומערדיק גערעגנט, אי ווינטערדיק געשאָטנ; ס'האָט אלעמאָל אופגעהערט און ווידער אָנגעהויבנ. וואטאָווע גראָבער פײַכטער שניי האָט פאלנדיק געטוקט זײַנ קלאָרע ווײַסקײַט גלײַך אינ ברודנער קאליוזשע, געטוקט מיט א רעמעז, אז אינ לעבנ איז אויך אזוי"... „אונטער טועטנדיקע פיס האָט זיך שוינ געפילט דער זעלבער גוואדז, וואָס טיפ אונטערנ ברוסט". אזוי האָט אויך געווייעט פונעמ פרילינג אינ קאמינע באלקע: דער זעלבער אומעט, די זעלבע עלעגיע, די זעלבע פארנאכטלעכע טונקלעניש. און אינ דעמ אלעמ איז געקומענ צומ אויסדרוק ניט פינקע ווײַלס שטימונג, נאָר דער שווערער געמיט פונ יוזי ספּיוואק...

אינ דער ביז-סאָוועטישער שאפונג בערגעלסאָנס פארלויפט אלץ ניט נאָר אינ איינ קאלענדאר־פעריאָד, אינ הארבסט, בערגעלסאָנ איז דאנ אויך געווענ שטארק פארליבט אינ איינ באשטימטנ מעסלעס-פעריאָד. אָפטער זעענ מיר מירעלענ, כאימ-מוישענ און אויך אפילע פּיליפּאָוונ אינ טונקעלנ פארנאכט, אָדער אינ דער פארנאכטלעכער טונקלעניש, אפ בערגעלסאָנס לאָשנ: אינ „סאָפּעק טאָג, סאָפּעק-נאכט" — דאָס האָט ווידער באדארפט פארשטארקנ די מינאָרע שטימונג.

בערגעלסאָנ איז זייער פארביק אינ דער שילדערונג, כאָטש אינ זײַנ פאליטרע זײַנענ די אלע פארבנ געווענ הארבסטיקע, קיינ העלערע פארב איז קימאט דאָרט ניט געווענ, פונקט אזוי, ווי אינ דער גאנצער פריערדיקער בערגעלסאָנישער שילדערונג זײַנענ נאָך געווענ מאָטיוונ פונ אָפגאנג, פארגאנג, „נאָך אלעמענ". די הארבסט-פארבנ גופע זײַנענ אָבער געווענ זייער ניואנסירט און דיפערענצירט.

דאָס, וואָס די האנדלונג איז אינ דער בערגעלסאָנישער אימפּרעסיאָניסטישער שילדערונג פארביטנ געוואָרנ אפ שטימונג, האָט באטײַט אינ פּראט פונ שפּראך, אז דער ווערב איז געוויינלעך געווענ פארביטנ אפנ אדיעקטיוו אָדער אדווערב, — אפ עפּיטעטנ, וועלכע האָבנ די פונקציע צו געבנ א באשטימטנ קאָלאָריט די מענטשנ און קעגנשטאנדנ, דעמ געזעענעמ און דעמ געפילטנ.

עס דאָמינירנ אינ דער בערגעלסאָנישער שילדערונג די עפּיטעטנ פונ סאָפּעק טאָג אונ סאָפּעק נאכט: „מאָרעשכוירעדיק“, „פארוואָלקנדיק“, „טונקלדיק“ „שלעפּעריק“, „נודנע“, „טויט“, „שטיל“, „פּוסט“. פארנ טאָג האָט בערגעלסאָנ געהאט אזעלכע עפּיטעטנ: „טישרעדיקער“ „עלעלדיקער“, אָדער עטלעכע מיטאמאָל — „עלעלדיקער אונ כוישעכדיקער“ „וואָלקנדיק טונקעלער אונ ווינטערדיקער“, אָדער „טונקל מאָרעשכוירעדיקער אונ גרינג-פּראָסטיקער“, דער פרימאָרגנ א „נעפּלדיקער אונ ברודיק לעבלעכער“, אָדער „הייסער פארנער אונ נודנער“. די טעג אונ די פרימאָרגנס זײַנענ דאָ נאָר ארויסגעכאפּט פונ איינ בוכ „נאָכ אלעמענ“. בערגעלסאָנ ניואנסירט אויכ די שאָ פונ טאָג אונ נאכט, ער האָט פאר איר באזונדערע קאָלירנ: פאראנ בא אימ „א צוועלפ-אזייגערדיקע שאָ“, א דרײַאזייגערדיקע באטאָגיקע שאָ“, אנ „עלפאזייגערדיקע זונ“ אאוו. שטארק ניואנסירט איז אויכ בא אימ די לופט. בערגעלסאָנ שילדערט אונדז „מיטלמעסיק קאלטע לופט“ אונ „שטארק טונקעלע לופט“, „שפּעטע לופט“ („נאָכ אלעמענ“). אינ „פארטונקלטע צײַטנ“ ווערט נאָכ צוגעגעבנ „געפּרעסטע ביינהאשמאָשעסדיקע שפּעטע לופט“.

פאראנ בא בערגעלסאָנענ אויכ „סאָפּווינטערדיקע ווארעמקײַט“, אונ פאראנ „זויבערע פארפייסעכדיקע לופט“ (דער עפּיטעט „פארפייסעכדיק“ האָט דאָ בלויז איינ באטײַט, א פארב-באטײַט). פאראנ פארשיידענע טונקלקײַט בא בערגעלסאָנענ, אָנגעהויבנ פונ „טכילעס-נאכטיקער פינצטער“ ביז „הארבסט-כאשכעס“... אזוי רײַכ איז די פארב אינ דער בערגעלסאָנישער שילדערונג.

אָבער גאנצ אנדערע הימלענ הענגענ שוינ איבער בערגעלסאָנס סאָוועטישנ „באמ דניעפּער“. זוניקע, ליכטיקע: „אינ דער הייכ, אזוי דאכט זיכ, שײַנענ עטלעכע זונענ מיטאמאָל. פונ איינ זונ קאָנ גאָר אזוי זוניק ניט זײַנ“ („באמ דניעפּער“, ז. 285). אונ דער פארנאכט איז שוינ אויכ אנ אנדערער אינ „באמ דניעפּער“. ער דערמאָנט שוינ גאָרניט אינ יענעמ „קילנ פארנאכט, וואָס כאפּט ארומ די וועלט“. דאָ „קומט דער פארנאכט מיט זײַנ זונ-אונטערגאנג. ערגעצ ווײַט אינ דער וועלט, דאכט זיכ, קומענ פאָר אָנ א שיר גרויסע פרייד, די לופט איז פול מיט זייערע רייכעס“ („באמ דניעפּער“, ז. 161—162). אונ

דאָ קומט צום אויסדרוק דער נײַער געזונטער גע־מיט, דער נײַער, דער סאָוועטישער לעבנסקוק.

★

בערגעלסאָנ איז נאָכ די יאָרנ בלאָנדזשענישנ געקומענ צום קלאָרנ באוווסטזײַנ, אז עס איז טאקע „נאָכ אלעמענ”, אונ עס איז טאקע „אָפגאנג”, אָבער ניט פונ דער וועלט ביכלאל, נאָר פונ דער בורזשואזער וועלט, אונ אז נאָכ דעם בורזשואזנ „נאָכ אלעמענ” אונ „אָפגאנג” הייבט זיכ אָנ א פריידיקער „פאר אלעמענ”, א פריידיקער אופגאנג. אונ דאָ האָט זיכ אָנגעהויבנ בערגעלסאָנס נײַער פעריאָד, דער סאָוועטישער פעריאָד פונ זײַנ שאפנ, וואָס האָט געבראכט דעם קינסטלער צו גרויסע קינסטלערישע דערגרייכונגענ, וועלכע גייענ שוינ ארײַנ אינ אונדזער סאָוועטישער ליטעראטור. בערגעלסאָנס וועג צו א נײַעם קינסטלערישנ מעטאָד — איז א גרויסע באזונדערע טעמע.

1934

# דער דיכטער פונ פאשיזמ אונ שול־געסל

(צו דער כאראקטעריסטיק פונ ש. אשנ אלס שרײַבער)

## I

די מארקסיסטישע ליטעראטור וועגנ אשנ איז ביז גאָר א קנאפּע. אנ ארטיקל נוסינאָווס, א פּאמפלעט-ארטיקל ליטוואקאָווס אונ א גרע־סערע ארבעט עריקס אונ דאָס איז אלצ.

אונ די בײז באשטײט ניט נאָר אינ דעמ, וואָס עס איז אזוי ווײניק אָנגעשריבנ אפּ אנטבלויזנ דעמ געזעלשאפטלעכנ אינהאלט אונ זינ, דעמ מעטאָד אונ סטיל פונ שאָלעמ אשס שאפנ, נאָר אויכ אונ דעריקער אינ דעמ, וואָס עס גילטנ נאָכ ביז הײַנט זײער פיל פאלשע פאָר־מולירונגענ, באהויפּטונגענ אונ אפילע קאָנצעפּציעס וועגנ אשנ.

באמ כ׳ נוסינאָוו טרעט אש ארויס ווי „דער ראָמאנטיקער פונעמ אָפּשטארבנדיקנ פוילישיִדישנ שטעטל״, ווי דער אידעאליזאטער פונ דער פארגאנגענהײַט, ווי דער אויסדריקער פונעמ „פארמעגלעכ־הענדלערישנ יִדישנ בירגערטומ, וואָס איז מיטנ גאנג פונ דער קאפּיטאליסטישער אנט־וויקלונג רויִנירט געוואָרנ״ („ליט. ענציקלאָפּעדיע״, באנד 1, אונטערגעשטראָכנ פונ מיר. — ש. ק.). כ׳ נוסינאָוו פּאסט אופ אשנ ווי א קינסטלערישנ אידעאָלאָג פונ א פּײַנטלעכנ צומ קאפּיטאליזמ שיכט.

באמ כ׳ עריק געפינט זיכ אש אפּ א הוידלקע, ער שפּרינגט פונ אײנ קלאס צומ צווײטנ. אָט איז ער א קלײנבירגערלעכער שרײַ־

בער (דער „יונגער אש״ — אַ סימען: אש האָט זיך געפונען אונטער דער ווירקונג פון נאָמבערגן און פּערעצן — דער עמעסער סימען!). און אָט איז ער „אַן אידעאָלאָג פון דער מיטעלער האַנדלס־בורזשואַזיע אינעם פּעריאָד פון איר ענדגילטיקער יערידע״ („שאָלעם אש״, זײַטל 36, קורסיוו — ש. ק.), און אָט האָט שוין אש „אַ גלײַכצײַטיקע אָריענטאַציע אױף אַפּן ענערגישן אופגעקומענעם און אָפּגײענדיקן פּאַטריאַרכאַלן שיכט״ („שאָלעם אש״, זײַטל 43, אונטערגעשטראָכן פון מיר. — ש. ק.). און די הוידלקע בלײַבט אַפּ דעם ניט שטיין. שפּעטער טרעפן מיר שוין אשן, וואָס דריקט שוין אויס „די אידעאָלאָגיע פון די אונטערגײענדיקע בורזשואַזע שיכטן״ („שאָלעם אש״ זײַטל 87, פון מיר אונטערגעשטראָכן. — ש. ק.) אאַוו. אדג.

דער ליטעראַטור־היסטאָריקער פּערעווערזעוו האָט, ווי באַוווסט, אַפּ אַ מעכאַניסטישן אויפן באַשטאַנען אַפּ דעם, אַז אַ שרײַבער איז איי־ביק צוגעשמידט צו זײַן קלאַס און צו זײַן קרײַז ליטעראַטור־געשטאַלטן. באַם כ׳ עריק זעען מיר דאָ אַ דערשײַנונג, וואָס איז פּונקט קאַפּויר: קימאַט יעדעס ווערק פונעם שרײַבער שאָלעם אש בילדעט אַ באַזונדער אידעאָלאָגישע קוואַליטעט, אַ באַזונדער קלאַסן־פּראָדוקט. די דינאַמיק איז דאָ אַזאַ איבעראַשנדיקע, אַז זי שאַפט אַ פאָרשטעלונג וועגן אשן ווי וועגן אַ שרײַבער, וואָס איז פאַ־נומען מיט אײַן אַרומוואַנדערן פון קלאַס צו קאַס, פון קלײנבירגערטום צו דער יידישער האַנדלס־בורזשואַזיע, פון דער האַנדלס־בורזשואַזיע צו די אופגעקומענע בורזשואַ, פון די אופגעקומענע ווידער צו דער האַנדלס־בורזשואַזיע און דאַן צו דער מאָדערנער בורזשואַזיע און אירע אונטערגײענדיקע שיכטן.

II

איינע פון די צענטראַלע געשטאַלטן אין אשס ווערק איז די פיגור פון אַרופּגעאַרבעטן, אָדער אופגעקומענעם. דעם אַרופּגעאַרבעטן אָדער אופגעקומענעם קאָן מען טרעפן קימאַט אין אַלע ווערק אשס, אָנגעהויבן פון זײַנע ערשטע דערציילונגען. דאָס איז

מאטעס („יאטישע טאָכטער"), דאָס איז דער זשאָכלינער („קוילער געסל") דאָס איז דער אָלרייטניק זשאק („לאנדסמאנ"), דער אָנקל מאָ־זעס („אָנקל מאָזעס"), דאָס זיינען די ברידער מאָזעס און סאָלאָמאָנ („מוטער"), דאָס איז כאימ לעדערער („כאימ לעדערערס צוריקער"), דאָס איז דער שיק-יונג, וואָס איז געוואָרנ וויצע־פּרעזידענט אינ איי־נעמ פונ די גרעסטע בענק — סטאָונ („טויט־אורטייל").

און אזוי אינ דער איבערוועגנדיקער מערהייט פונ אשס דערציי־לונגען, דראמעס און ראָמאנען.

שאָלעמ אשס גאנצע קינסטלערישע ענערגיע איז געווענדט ניט אפ שלוימע מאלעכנ, וואָס פארבלייבט א שמייסער, נאָר אפ מאטעסנ, וואָס ארבעט זיכ ארופ („יאטישע טאָכטער"), ווארפט אוועק אלע קוי־לערגעסלדיקע גענג, באפרייט זיכ צוביסלעכ פונ זיינ קוילערגעסלדיקע אינסטינקטנ און ווערט לייטיש אינ באלעבאטישנ זינ.

א לאנגע צייט האָט געגאָלטנ די לעגענדע וועגנ דעמ, אז אש איז אמאָל געווענ דעמאָקראטיש-ראדיקאל און אפילע בונ-דאריש אקעגנ די „אויסגעוויקטע יידנ" פונעמ שול־געסל, אז אש איז געווענ קליינבירגערלעכ פראָגרעסיוו, ער האָט דעמ בעסמעדרעש און דער מיקווע קלוימערשט קעגנגעשטעלט דעמ פעלד־געשמאק און עפל־געשמאק. דאָס איז אנ אויסגעטראכטע מייסע.

אשס קינסטלערישע אָנשטרענגונג איז באשטאנענ גראָד אינ דער־ווייזנ, אז דאָס קוילער געסל און דאָס שול־געסל זיינענ ניט קיינ פיינט־לעכע סטיכיעס, ניט קיינ קעמפנדיקע קרעפטנ, נאָר אָרגאנישע און נייטיקע גלידער פונ איינ גרויסנ „פאָלק יִסראָעל".

מאטעס איז, פארשטייט זיכ, א פּאָזיטיווע, א סימפּאטישע פיגור בא שאָלעמ אשנ, אָבער ער איז פאר אשנ פּאָזיטיוו און סימפּאטיש בלויז דערפאר, ווייל ער און אזעלכע ווי ער שטעלנ מיט זיכ פאָר רעזערווונ פאר דער בורזשואזיע. ער האָט די פונקציע ארייַנצושפּריצנ נייע פרישע ענערגיע פונ די אונטערשטע געזונטע שיכטנ אינ דער בורזשואזער געזעלשאפט.

שאָלעמ אש איז געקומענ צום קוילער־געסלדיקנ יונג און האָט אימ ווי געזאָגט: דיינ אָריענטאציע דארפ זיינ אפ דער בורזשואזער גע־זעלשאפט און נעענטער צומ שול־געסל, דאָס איז דיינ לעבנס-וועג, אפ

דעמ וועג שטייט דיר פאַר גרויסע פרייד און סאָציאַלער גליק, און מאטעס לאָזט זיכ טאקע אפ דעמ וועג.

ש. אש אינטערעסירט זיכ מיטנ קוילערגעסלדיקנ יונג, אפ וויפל ער קאָנ אימ שלעפנ אפ בורזשואזע וועגנ. עס שטארבט א גאָלדמאנ, קומט א מאטעס, עס גייט אונטער דער ייִכעסדיקער גרויסגליק („ייִ־כעס"), קומט אנ אנדערער, אנ אופגעקומענער פונ דער קוילערגעסלדיקער סוויווע און פארנעמט זייַנ אָרט. און אינ סאכאקל: א דאָר גייט אוועק, א דאָר קומט, דער בורזשואזער קלאס איז קרעפטיק, פולבלוטיק, ער איז ניט קראנק, ווי דאָס האָט אזוי שטארק געשפירט דער פאראָקטיאבערישער בערגעלסאָנ. און דערמיט שיידט זיכ טאקע אזוי שארפ אונטער בערגעלסאָנ פונ אשנ.

דער פאראָקטיאבערישער בערגעלסאָנ האָט דערשפירט מיט זייַנ קינסטלערישנ באוווסטזייַנ, אז עס האָט זיכ אָנגעהויבנ דער גרויסער בארג־אראָפ פונ דער בורזשואזער וועלט. קיינ רעזערוונ, וואָס זאָלנ קרעפטיקנ דעמ בורזשואזנ קלאס, האָט ער ניט געזענ. זייַנ גאנצע אופמערקזאמקייַט איז דאנ געווענ געווענדט צו די יאָרדישע עלעמענטנ אינ דער בורזשואזיע.

עס שטארבט א גדאליע הורוויצ, איז ניטאָ פאר אימ קיינ בעקאָוועדיקער פארבייַטער. בערגעלסאָנ זעט אימ ניט און ווייס אימ ניט, עס בלייַבט ניט ווער עס זאָל אונטערהאלטנ דעמ פאלנדיקנ ביניענ פונ דער בורזשואזער וועלט. דער פאראָקטיאבערישער בערגעלסאָנ איז ווי דער בורזשואזער פאָרשפירער פונעמ אָנקומענדיקנ אלגעמיינעמ בורזשואזנ קריזיס, פונ דער „העכסטער און לעצטער סטאדיע". די באריקאדנ־שלאכטנ אינ מאָסקווע און פעטערבורג אינ 1905 האָבנ וועגנ דעמ געגעבנ אימ גאנצ שטארק אָנצוהערנ.

און שאָלעמ אש? ש. אשנ דוכט זיכ, אז פאר דער בורזשואזיע עפענענ זיכ ערשט נייַע וועלטנ. ער פרווט שלעפנ נאָכ זיכ די קליינבירגערלעכע מאסנ, ער שלאָגט זיכ פאר די דאָזיקע מאסנ, ווי פאר רעזערוונ פאר דער בורזשואזיע.

איז ש. אש ניט קיינ אויסגעשפראָכענער בורזשואזער שרייַבער אפילע אינעמ פעריאָד פונ „קוילער געסל" און „יאטישע טאָכטער"? און וויִאזוי שילדערט ש. אש די טעמע „אונטערוועלט"? צי אָר-

גאַניזירט ניט ש. אַש אין דער „אונטערוועלט"-פיגור דעם גרויס־
דראַנג זיך איינצוגלידערן אין דער בורזשואַזער געזעלשאַפט? מאָטקע
גאַנעוו טרוימט דאָך אויסצוטאָן די קוילערגעסלדיקע ברודנע שטיוול
און אַריינגיין אין כאַנעלעס אויפגעראַמטער און אומבאַדינגט, פאַר־
שטייט זיך, שאַבעסדיקער שטוב. ער ציט זיך אייגנטלעך צו בור־
זשואַזער אָרנטלעכקייט און צו יידישקייט. ער, מאָטקע, איז
א יאַריד־מענטש, זיין ווייבל איז די קאָשערע כאַנעלע, וואָס האָט
אים ווי געהעריק אָרומגעפּילט. ער, מאָטקע, גייט מיט א סידער אין
שול אַריין דאַוונען...

בא די רעוואָלוציאָנער־פּראָלעטאַרישע שרייבער (און אויך אפילע
בא די קליינבירגערלעך-ראַדיקאַלע) איז די „אונטערוועלט" געווען א
טעמע, וואָס האָט געשריגן קעגן דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט.

עס איז קעדיי צו דערמאָנען גאָרקיס שילדערן די מענטשן פון
טשעלקאַש שניט. די טשעלקאַש־מענטשן איז ענג, זיי קאָנען ניט
עטעמען אין דער בורזשואַזער געזעלשאַפט. די אַלע בורזשואַזע גע־
זעצן און קלאַפּים, די אַלע רעגלאַמענטירונגען און איינריכטונגען זיי־
נען פאַר זיי ווי אַן אַרעסטאַנטיש העמדל, וואָס ווערט אָנגעטאָן אף
א מוסקולדיקן און פולבלוטיקן קערפּער. די טשעלקאַש־מענטשן האָבן
אָנגעשטרענגט אַלע זייערע קרעפטן און אויך געלאָזט די ציין אין
גאַנג און געפליקט דאָס אַרעסטאַנטישע העמדל. זיי האָבן געפּרוווט
אוועקגיין פון דער בורזשואַזער געזעלשאַפט אין פרייער וועלט אַריין,
אין סטעפּ, אין וואַלד, אין פעלד, אף די אומענדלעכע רוסישע ברייטן
און לענגען.

אין די טשעלקאַש-מענטשן איז קינסטלעריש אָרגאַניזירט פּראָ־
טעסט און בונט. עמעס, זייער פּראָטעסט און בונט איז דערווייל גע־
ריכטעט אף פאַלשע וועגן. אָבער א קאָנאָוואַלאָוו וועט זיך טרעפן
מיט מאַקסימען אין דער שמוציקער בעקעריי באַם גליענדיקן אויוון,
און ער וועט זיך דערוויסן די „וויכטיקסטע סיבע" פון אַלע בייזן
אף דער ערד: „דאָס ערשטע מאָל הער איך אַזאַ רעדע. וווּנדערלעך,
אַלע מענטשן באַשולדיקן איינער דעם צווייטן אין זייערע אומגליקן,
און די — דאָס גאַנצע לעבן, די גאַנצע אָרדענונג" („קאָנאָוואַלאָוו").

און ש. אַש קומט צום „אונטערוועלט"-מענטש, צום לומפּ און

זאָגט אים: גלידער זיך צוריק אײַן אין דער „אָרנטלעכער" בורזשואזער וועלט, נעם אָן אירע געזעצן און קלאָלים, נעם אָן אירע אײַנריכטונגען און רעגלאמענטירונגען, שאָב אָפּ פון זיך דעם ברוד, וואָס האָט זיך אָפּ דיר אָנגעקליבן און לײַטיש זיך אויס, לײַטיש זיך אויס אינעם שולגעסלדיקן גײַסט. איז עס ניט א צוגאנג פון אן אויסגעשפּראָכענעם בורזשואזן שרײַבער, וואָס זאָרגט אפילע וועגן באהערשן אידייִש די „אונטערוועלט"?

דער קינסטלערישער אידעאָלאָג פון דעם ייִדישן קלײנבירגערטום שאָלעם-אלײכעם האָט מיט זײַן גאנצן שאפן באוויזן, וואָס פאר א „שעד" עס עקזיסטירט צווישן די שטרעבונגען פון ארופארבעטן זיך באם קלײנבירגער און די רעאלע אָביעקטיווע מעגלעכקײַטן צו רעאליזירן די דאָזיקע שטרעבונגען. דער קלײנבירגער ברעכט האלדז און נאקן, ער דראפּעט זיך אָפּ די גלײַכע ווענט, און עס לאָזט זיך אויס דערמיט, וואָס אלע כאפּן פּעטש און ער „אויך בעסויכאָם". ש. אלײכעם איז געווען געשטויסן פון זײַן קלאסן-לאגע צו שפּירן די אָביעקטיווע אומשטענדן און צו שילדערן זײ... ש. אש קעמפּט אָבער פאר רעזערוון, ער פּראָפּאגאנדירט א בורזשואזע אָריענטאציע פאר די קלײנבירגערלעכע מאסן. ער שטרעבט דעריבער צו פארשמירן, צו פארטושירן דעם אָביעקטיוון קאָנפליקט צווישן די קלײנבירגערלעכע ווונטשן וועגן ארופארבעטן זיך און די מעגלעכקײַטן זײ צו רעאליזירן. שאָלעם אש האלט אין אײן באווײַזן און דערווײַזן דאָס פארקערטע, ד.ה. ווי דער קלײנבירגער ווערט פארוואנדלט אין א „אָלרײַטניק". דאָס שיק-ייִנגל (פון „טויט-אורטײל") האָט געשפּאָרט און געארבעט, און ער איז געוואָרן וויצע-פּרעזידענט אין א גרויסן באנק. לעדערער („כאיִם לעדערערס צוריקקער") האָט „זיך אָנגעהויבן צוקוקן, וואָס אנדערע טוען, א סאך ווארפן אוועק דעם שאָפּ. אײנער פריִער, דער אנדערער שפּעטער, און נעמען זיך צו עפּעס אנדערש". דערצו דארף מען נאָר האָבן „סײכל, כײשעק און ווילן". און לעדערער ווערט א גרויסער פאבריקאנט. דער יונג מאָזעס „פונעם ראָמאן „מרטער" דער פּאקן-טרעגער טרוימט וועגן ווערן אן אונטערנעמער, און אין סאָף פונעם ראָמאן ווערט טאקע מאָזעס מיט מאזל דער שעף פון דער פירמע „בראָדערס מאָזעס און סאָלאָמאָן זלאָטניק". דער

טרוימ פונעמ יונג דעמ פאקנ־טרעגער ווערט (ווי אינ אלע ענלעכע פאלנ בא אשנ) פולשטענדיק פארווירקלעכט.

וואָרפט דענ דער דאָזיקער אומשטאנד ניט קיינ העלע ליכט אפנ קינסטלערישנ מעטאָד אונ „סאָציאָלאָגישנ עקוויוואלענט“ פונ ש. אשנ?

## III

די קאָנצעפּציעס וועגנ אשס אָנגעהעריקײַט צומ „פּאטריארכאלנ שיכט“, וועגנ אשס שײַכעס צו דער האנדלס-בורזשואזיע, וועגנ אשנ דעמ „ראָמאנטיקער פונעמ אָפּשטארבנדיקנ פוליש-ייִדישנ שטעטל“, אָט די אלע קאָנצעפּציעס, וואָס שפּאצירנ ארומ אינ אונדזער אשליטעראטור, האלטנ זיכ אפ א זייער וואקלדיקנ אונ צעפוילטנ פונדאמענט.

די קאָנצעפּציע וועגנ אשס אָנגעהעריקײַט צו דער האנדלס־בורזשואזיע בויט זיכ אפ דעמ, וואָס אינ אשס ווערק טרעפנ מיר אזוי אָפּט דעמ פעאָדאלנ ייִדישנ גוויר, דעמ פּאָרשטייער פונ דער ייִדישער האנדלס-בורזשואזיע, אונ וואָס ארומ א יעכעזקל גאָמבינער, אָדער א שלוימע נאָגיד איז קאָנצענטרירט אזויפיל שרײַבערישע ליבע אונ סימפּאטיע. שאָלעמ אש האָט שטענדיק ליב צו ווײַזנ דעמ פארצײַטיקנ נאָגיד ערעוו שאבעס, אָדער שאבעס, ווענ „די ייִדישקײַט שמעקט באזונדערס אראָפּ פונ אימ“ („שלוימע נאָגיד“). יעכעזקל גאָמבינער איז אויכ געגעבנ אפנ שאבעס־פּאָנ, אפנ יאָנטעוו־פּאָנ אינ די ליבע „פרײַטיק־צונאכטנ“ „זומער־פארנאכטנ אינ שול־געסל“ („שטעטל“). דערבײַ ליגט אפנ גוויר דער אָפּשײַנ פונ „גאָטס הילף“.

אינ אשס סימפּאטיע צומ פעאָדאלישנ גוויר ווילנ אייניקע אונדזערע קריטיקער זענ אנ ארויסטרעטונג קעגנ דער מאָדערנער בורזשואזיע. כ׳ מ. עריק האלט, אז אשס „שטעטל“, לעמאָשל, איז „אנ ארויסרופ קעגנ דער סאָציאל־פּאָליטישער ווירקלעכקײַט פונ 1904 יאָר“ אינ דעמ זינ, וואָס דאָ „ווערט קוידעמקאָל דער אינדוסטריעלער קאפּיטאליסטישער גרויסשטאָט קעגנגעשטעלט דאָס האנדל־קאפּיטאליסטישע שטעטל מיטנ סויכער ווי א צענטראלע פיגור, וואָס פירט אָנ סײַ מיטנ פּאָרעצ סײַ מיטנ פּויער“ (מ. עריק, „ש. אש“, 30, 31). אונ כ׳ י. נוסינאָוו מיינט, אז „שטעטל“ אונ „שלוימע נאָגיד“ זײַנענ ווערק

פונ א שרײַבער, וואָס האָט אופגענומענ דעמ קאפּיטאליזמ, ווי א וועלט-טראגעדיע פאר זײַנ קלאס", אונ אז מיר האָבנ דאָ צו טאָנ מיט א שרײַבער, וואָס איז ענלעכ צו די פראנצויזישע ראָמאנטיקער פונעמ טיפּ שאטאָבריאַנ אדג. (נוסינאָוו, „וועסטניק אינאָסטראנאָי ליטעראטורי", נומ. 6 פונ 1928 יאָר).

בײַ ש. אש האָט געשריבנ זײַנ „שלוימע נאָגיד", האָבנ מיר אינ דער יידישער בירגערלעכער ליטעראטור געהאט אנ אופּבלי פונ דער אפּאָלאָגעטיק-ליטעראטור בענעגייע צומ אלטנ פעאָדאלנ יידישנ גוויר. מיר האָבנ דאָס בא פּערעצנ, בא ווײַטערנ, בא בערגעלסאָנענ, מיר האָבנ דאָס אינ יעכעזקל קאָטיקס מעמוארנ וועגנ דעמ „גרויענ, ווײַטנ, נאָר ליבנ אלטנ" אונ נאָכ אונ נאָכ. צי באטײַט אָבער דאָס אלצ ארויסרופּ אונ ארויסטריט קעגנ דער בורזשואזיע פונעמ מאָדערנעמ שניט?

עס וואָלט געווענ א געזעלשאפטלעכער אומזינ צו פאָרשטעלנ די זאכ אזוי, ווײַל אינ די באדינגונגענ פונ דער אנטוויקלונג פונ רוסלענדישנ קאפּיטאליזמ האָט די אלטע פעאָדאלע יידישע בורזשואזיע ניט באדארפט גאָר אזוי ארויסטרעטנ קעגנ דער מאָדערנער בורזשואזיע, אינ די באדינגונגענ פונ רוסלאנד זײַנענ גאָר די גרונט־קאדרענ פונ דער נײַער בורזשואזיע אויסגעבילדעט געוואָרנ דעריקער פונ די סאָכרימ, טוויע־הענדלער, וואלד-הענדלער, אָקסנ־הענדלער, — מיט איינ וואָרט פונ אזוינע ווי גאָמבינערס אונ שלוימע נאָגידס. אויב דער אמעריקאנישער וועג אינ דער אנטוויקלונג פונעמ קאפּיטאליזמ, דער דעמאָקראטישער, האָט געשאפנ א באשטימטנ קריזיס פאר די האנדל־קאפּיטאליסטישע עלעמענטנ אונ אינ דער ערשטער צײַט געשאפנ געוויסע מעגלעכקײַטנ פאר אייניקע עלעמענטנ פונ די „אונטערשטע קלאסנ" אפּ ארופּארבעטנ זיכ, וועגנ וואָס עס האָט גערעדט מארקס אינ זײַנ כאראקטעריסטיק פונ דער סאָציאלער אנטוויקלונג פונ אמעריקע אינ דער ערשטער העלפט פונעמ XIX יאָרהונדערט, האָט דאָכ דער אנטוויקלונג-וועג פונעמ רוסישנ קאפּיטאליזמ באטײַט, אז דער רוסלענדישער סויכער פונעמ פעאָדאלנ שניט האָט גאָר ניט איבערגעלעבט קיינ וועלט-טראגעדיע, ווי עס שטעלט זיכ פאָר כ' נוסינאָוו. דעמ רוסלענדישנ סויכער, א גאָמבינער, א שלוימע נאָגיד איז אינ

אַלגעמיין גאָר ניט אַזוי שווער געווען צו פאַרוואַנדלען זיך אין אַ מאָדערנעם קאַפּיטאַליסט, אין אַ מאָדערנעם אונטערנעמער.

איז וואָס-זשע האָט געטריבן געוויסע יידישע שרײַבער אין XX יאָרהונדערט, אין אַ צײַט, ווען דער קאַפּיטאַליזם איז שוין אַרײַנגעטראָטן אין זײַן „העכסטער און לעצטער סטאַדיע", און עס זײַנען שוין געגאַנגען באַריקאַדן-שלאַכטן אויף די מאָסקווער און פּעטערבורגער גאַסן צווישן דעם פּראָלעטאַריאַט און דער צאַרישער רעגירונג, אַרויסצוטרעטן קעגן קאַפּיטאַליזם פון רעכטס, פון האַנדל-קאַפּיטאַליסטישע פּאָזיציעס?

די אַש-קאָנצעפּציע פון די כ"כ עריק און נוסינאָוו קאָן די דאָזיקע פראַגע ניט פאַרענטפערן.

אַשס גאַנצע געזעלשאַפטלעכע פּראַקטיק, זײַן גאַנצע קינסטלערישע און פּובליציסטישע טעטיקייט דערווײַזט גראָד בולעט, אַז ער געהערט מיט אַלע קעמערלעך פון זײַן מאַרך צו דער בורזשואַזיע, אַז ער איז איינער פון אירע קריגערישסטע פאָרשטייער אויפן געביט פון קונסט. און בעשומויפן ניט קעגן, נאָר אין אירע אינטערעסן האָט ער אונטערגענומען די אידעאַליזאַציע און ראָמאַנטיזאַציע פון פּאַטריאַרכאַלן גוויר.

שאָלעם אַשס אַפּאָלאָגיע פון יעכעזקל גאָמבינער און פון שלוימע נאָגיד איז אין קיין פאַל ניט געגאַנגען אויפן כעזשבן פון אָפּלייקענען דעם מאָדערנעם אונטערנעמער דעם קאַפּיטאַליסט, נאָר דאָס איז געווען אַן איינגאַרטיקער אויפן פון פאַרטיידיקן דעם מאָדערנעם בורזשוא. דאָס איז טאַקע געווען „אַן אַרויסרוף דער סאָציאַל-פּאָליטישערווירקלעכקײַט פון 1904 יאָר", אָבער דאָ דאַרף אונטער דער סאָציאַל-פּאָליטישער ווירקלעכקײַט פאַרשטאַנען ווערן גאָר עפּעס אַנדערש...

די אַפּאָלאָגיע פון יעכעזקל גאָמבינער איז געקומען אין אַ מאָמענט, ווען עס האָט זיך דערנעענטערט די ערשטע גרויסע רוסישע רעוואָלוציע מיט איר פּערספּעקטיוו פון אַ באַלדיקער איבערוואַקסונג אין אַ פּראָלעטאַרישער. עס האָבן זיך שוין געהערט אירע טריט, איבערן לאַנד האָט זיך שוין דורכגעטראָגן אַ כוואַליע שטרײַקן און פּאָליטישע דעמאָנסטראַציעס. לענין שרײַבט דאַן: „מיר זײַנען איצט אָן שום ספק אַרײַנגעטראָטן אין אַ נײַער עפּאָכע; עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ פּעריאָד פון פּאָליטישע אויפטרייסלונגען און רעוואָלוציעס" („צוויי טאַקטיקעס

און די רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע" ב. 8, זייט 42). אויכ די הערשנדיקע קלאסנ האָבנ זיכ אָנגעהויבנ מאָביליזירנ, אונ די מאָביליזאציע איז געגאנגענ אויכ אפנ קונסט־געביט.

איינע פונ די פאָרמעס פונ פארטיידיקנ דעמ קאפיטאליזמ אינ קונסט איז געווינ די אפאָלאָגיע פונעמ פאטריאַרכאלנ גוויר. אויב עס איז שווער צו באווייזנ די הערלעכקייט פונעמ היינטיקנ ארנטערנעמער, אויב עס איז שווער אָנצומאָלנ אנ אידיליע פונ קלאסנ אונ שיכטנ אינ דער מאָדערנער געזעלשאפט, קאָנ מענ עס לייכטער טאָנ אפ א מאטעריאל פונ *נעכטנ, פונעמ וויטנ נעכטנ...*

אונ אש לאָזט זיכ אוועק אינ דער פארגאנגענהייט, אינ דער פארהעלטניסמעסיק ווייניקער סאָציאַל־צעגלידערטער געזעלשאפט פונעמ פעאָדאליזמ, ווו בא פיל ארבעטנדיקע זיינענ נאָכ גאנצ שטארק די פעאָדאלע פאָרורטיילנ *אינ באצוג צומ עקספלואטאטער, פאָרעצ, סויכער,* אונ דעריבער איז אפ אָט דעמ מאטעריאל פיל לייכטער אויסצודיכטנ דעמ מאָטיוו פונ קלאסנ-אונ שיכטנ-אכדעס. די היסטאָרישע פעלשונג געלינגט דאָ מער.

אונ אש האָט געמאכט די עקסקורסיע אינ דער פארגאנגענהייט, קעדיי בוילעטער ארויסברענגענ דעמ מאָטיוו פונ אלגעמיינער סאָציאַלער מיטארבעט פונ קלאסנ, קעדיי ארויספירנ די הערלעכע פיגור פונעמ „פאָלקס-פארטרעטער", פונ יעכעזקל אָדער שלוימע נאָגיד.

אונ אזוי איז ש. אש געקומענ צומ רעאקציאָנערנ ראָמאנטיזמ.

אונ עס איז פארשטענדלעכ. אידעאליזירנ דעמ גרויסנ וואלד-אונ טוויע-הענדלער האָט מענ ניט געקאָנט אפנ באָדנ פונ רעאלע באציונגענ פונ קלאסנ אונ שיכטנ. מע האָט עס ניט געקאָנט דערגרייכנ מיט דער הילפ פונ רעאליסטישנ מעטאָד. די ווירקלעכע באציונגענ האָט מענ געמוזט קעגנשטעלנ אויסגעטרוימטע באציונגענ, אזעלכע באציונגענ, וואָס האָבנ זיכ געמאָלט אינ דער פאנטאזיע פונעמ עקספלואטאטער אונ פונ זיינ קינסטלערישנ אידעאָלאָג.

ניט די רעאלע ווירקלעכקייט, ניט די ווירקלעכע באציונגענ צווישנ דעמ גרויסנ וואלד-אונ טוויע-הענדלער אונ דער האָרעפאשנער מאסע פונ שטעטל אונ פונ די ארומיקע דערפער האָבנ אזויארומ געקאָנט דינענ פאר א קוואל אונ אויסגאנג-פונקט פונ ש. אשס קונסט-מעטאָד. אונ אינ

געגעבענעם פאל האָט עס אומבאדינגט געמוזט שטויסן שאָלעמ אשן צום רעאקציאָנערן ראָמאנטיזם.

און נאָך איינס דארף מען פארגעדענקען: אין די באדינגונגען פון די אָנוואקסנדיקע קלאסן-שלאכטן, ווען מיט יעכעזקל גאָמבינערס יינגערן ברודער חאָט באזונדערס געהאלטן זייער שמאָל, האָט דאָ דער רעאליסטישער מעטאָד געוויס ניט געקאָנט דינען ש. אשס צוועקן און צילן.

„שטעטל“ און „שלוימע נאָגיד“ דאָס איז דער אויסגעטרוימטער, אויסגעדאכטער נעכטן פון אייגענעם קלאס, ווען יעכעזקל גאָמבינער האָט קלוימערשט געגאָלטן, ווי דער „פאָלקס-פאָרשטייער“, און פויערים פון ארומיקע דערפער זיינען שיר ניט מיט מעסירעס-נעפעש געגאנגען ראטעווען זיין האָב און גוטס. „מע פרעגט ניט אף קיין לוין, וואָס? ווען? מע דארף דאָס האָלץ ראטעווען. מע כאפּט העק, ארופּ אף די טראטוועס, מע שניידט דורך די „שטריקאוועס“, מע שניידט אָפּ איין טראטווע פון דער צווייטער. דאָס אייז ברעכט זיך, מע האקט, מע ציט בא די שטריק, ווער קוקט אף עפּעס?“ („שטעטל“).

און סארא געפיל פון גרויסער פריידן עס כאפּט ארום כאיִמ דעם איבערפירערס פרוי (פארשטייט זיך, לויט אשס אויסטראכטענישן), ווען צו איר קומען דער סויכער פון קאָנסקע וואָליע רעב מאָרדכע און דער סויכער פון גאָמבינ רעב יעכעזקל: „די כאיִמטע האָט געקוקט אף די סאָכרים און פאר זיי דערעכערעץ געקראָגן. אזעלכע גרויסע סאָכרים דאווענען אין איר אָרעמ איינגעפאלן שטיבל, מוז גאָט אוואדע זיין בא איר אין שטיבל, און זי — א כאָרבן נאָך איר! — זי לייגט גאָר העלצלעך אונטערן פייער“ („שטעטל“).

אין דער געגנווארט האָט שוין דער אווטאָריטעט פון ש. אשס קלאס זיך א וואקל געטאָן און פעסט א וואקל געטאָן, איז וויאזוי זאָל מען זיך ניט ציִען צו דעם נעכטן פונעם אייגענעם קלאס?

שאָלעמ אש האָט אויך געמאכט גענוג אָנשטרענגונגען, קעדיי אָנצומאָלן א קלאסן-אידיליע אין דער געגנווארט, אָבער ער איז דאָ אומעטום דורכגעפאלן. כאָטש ער האָט געפּרוווט שילדערן דעם אונטערנעמער אין דער סוויווע פון זיינע לאנדסלייט, אין דער סוויווע פון אייגענע באקאנטע („לאנדסמאנ“, „אָנקל מאָזעס“, „כאיִמ לעדע-

רערט צוריקער"), האָבן זיך אָבער דורכגעריסן און דורכגעריסן — בעפיירעש קעגן דעם ווילן און קעגן דער גאנצער סיסטעם פונעם שרייבער—עפיזאָדן פון עקספּלואטאציע, עפיזאָדן פון שוידערלעכער נויט און אָרעמקייט. די קלאסן-אידיליע האָט דאָ געמוזט פּלאצן. דאָס זעלבע אויך אין דער טרילאָגיע „פארן מאבל" („פעטערבורג", „ווארשע", „מאָסקווע"). אין ראָמאן „ווארשע" האָט זיך ארויסגעריסן א קאפּיטל „אין די אָרעמס פון נויט און פראָסט".

און דאָ האָט ש. אש געמוזט זוכן אנדערע מיטלען אפ איינהאלטן די אידיליע. ער האָט געפרווט צו פארוואנדלען זיינע אונטערגעמער: אָנקל מאָזעס, כאיִם לעדערער, סטאָנג אין באלטשוועס, אין מענטשן, וועלכע הייבן זיך אָן ציִען צו א געפיייניקט לעבן, וועלכע הייבן אָן שפּירן עפּעס א באזונדערן טאַם אין זיין פארשקלאפט. „עס איז געווען ווי די ליידן און נויט פון אָרעמקייט, וואָס האָבן אָנגעהויבן אופצוהייבן זייער קאָפּ פון דער פינצטערער נאכט ארויס, האָבן אים צוגעצויגן מיט געהיימען מיסטישן קישעפ" („כאיִם לעדערס צוריקער", „קולטור-ליגע", ווארשע, ז. 129).

די געפּלאצטע אידיליע ווערט דאָ אז א טאנדעטן אויפן פארלאָטעט, און ניט מער, און אויבערע איז געלאטעט און מיט זייער ווייסע שטעב געסטריגעוועט די קלאסן־אידיליע אין „ווארשע", ווו אש שילדערט מאָדערנע באציִונגען צווישן ארבעט און קאפּיטאל.

אפ פארשיידענע אויפאנים פּרווט זיך ש. אש צו לאטען די געפּלאצטע אידיליע. דעם פרוו צו פארוואנדלען די אונטערנעמער אין באלטשוועס האָבן מיר שוין פארצייכנט. און דער דאָזיקער פרוו האָט געהאט אן אויסגעשפּראָכענע קאוואָנע צו לעשן די אָנוואקסנדיקע אומצופרידנקייט בא די עקספּלואטירטע.

דאָס איז אָבער ניט געווען בא אשן דאָס איינציקע מיטל. אָט דערמאָנט זיך אשטייגער די שילדערונגען פונעם „ראָוו" (א נאָמען פון אן ארבעטער־פאָרשטאָט) אין „מערי". איר כידעשט זיך צוערשט, וואָס ש. אשס פעדער האָט זיך אָנגערירט צו נויט און אָרעמקייט, וואָס דער אידיליע־שרייבער האָט זיך אראָפּגעלאָזט אהער אין „ראָוו". אָבער דער אָפּגרונט ווערט באלד פארשאָטן בא אשן דערמיט, וואָס

דאָס גאַנצע ייִדישע פֿאָלק ווערט פֿאָרגעשטעלט ווי א „ראָוו“־פֿאָלק, און דאָס דארפֿ שוין אָפּלייקענען קאַמפּ און סאָציִאַלע קאָנפֿליקטן.

ש. אש פֿירט איַיך באַלד אוועק אפּ אַן אונלעגאַלער פֿאַרזאַמלונג, ווו עס רעדט זיך וועגן דערקלערן א שטרייַק. און דאָ, אפּ דער אומלעגאַלער פֿאַרזאַמלונג, „באוויַיזט“ און „דערוויַיזט“ ש. אש דעם אומזין פֿון סאָציִאַלע קאַמפֿן אין דער ייִדישער סוויווע. בא וועמען שטרייַקן און בא וועמען פֿאָדערן א קירצערן ארבעטטאָג, אַז סאַכאַקל זייַנען מיר אליין די ארבעטער און אליין די באַלעבאַטים, — טייַנען די „פֿאָדפֿאָלשטשיקעס“ בא אשן. אָט אזא עסעסיש־בורזשואַזע קאַריקאַטור ווערט געגעבן אפּ די שטרייַקן און אפּ דער ארבעטער-באַוועגונג אין בוך „מערי“.

אין דער סעריע ראָמאַנען „פֿאַרן מאַבל“, ווו די ווירקלעכקייַט האָט מיט געוואַלט ארויסגעריסן בא אשן דעם שרייַבער א קאַפּיטל „אין די אָרעמס פֿון נויט און פֿראָסט“, ווערט באַלד דערציילט א מייַסע, אַז „פֿאַבריקאַנט און ארבעטער זייַנען ארומגעגאַנגען מיט ארויסגעזועצט-צעשראָקענע אויגן“. דאָס האָט דער „פֿייגער“, וואָס מע רופֿט קריזיס, אַלעמען אזוי דערשלאָגן, געוואָרפֿן „אין די אָרעמס פֿון נויט און פֿראָסט“ („וואַרשע“) און אפּ אזא אַלט־נייַעם אופֿן פֿרווט זיך ש. אש איַינהאַלטן די קלאַסן-אַכדעס.

ש. אש האָט זיך אויך דערלויבט דעם לוקסוס זיך אַראָפּצולאָזן אפּ א ווייַל נאָך טיפֿער, ווי אין „ראָוו“ — אין די קוילן־שאַכטעס. ער האָט אָנגעשריבן א דראַמע „קוילן“ (אין 1928 יאָר). איז אין דער דאָזיקער געמעלאָכעטער האַלב-סימוואָלישער דראַמע „ארויסגעפֿירט“, אַז עס איז א „מיראַזש“ דער טרוים זיך צו באַפֿרייַען פֿון עקספּלואַטאַציע, און אַז די ארבעטנדיקע זייַנען אינטעלעקטועל גאָר ניט פֿייִק זיך צו שלאָגן פֿאַר אידעאַלן.

אין דער דאָזיקער פֿאַשיסטישער דראַמע הערשט די „פֿילאָסאָפֿיע“, אַז פֿרייד און גליק וועט דער קוילנגרעבער קאָנען האָבן נאָר דאַן, ווען ער וועט שאָלעם מאַכן מיט זייַן לאַגע אין דער עקספּלואַטאַרישער אָרדענונג און זיך ארויסשלאָגן פֿון קאָפּ אַלע טרוימען וועגן „א לאַנד א פֿרייַעם“.

ש. אש האָט ניט געקאָנט אפּ א מאַטעריאַל פֿון געגנוואַרט באשטע-

טיקן די קלאסן-מיטארבעט, אפּ א רעאליסטישן אויפן האָט זיך שוין אין דער עפּאָכע „פון פּאָליטישע אופטרייסלונגען און רעוואָליוציעס" געוויס ניט איינגעגעבן צו שאפן די קלאסן-אידילליע. די ליגנערישקייט איז דאָ צו אָפן און צו בוילעט.

ווערט דאָך נאָך קלאָרער די פונקציע פון שאָלעם אשס ראָמאנטיק — די פונקציע פון פאַרהערלעכן דעם נעכטן פון אייגענעם קלאס, קעדיי צו פאַרטיידיקן דעם היינט פונעם זעלבן קלאס. דאָס איז דער אייגנטלעכער זין פון ש. אשס ווענדונג צו די פעאָדאלע יידישע גווירים.

און טאקע אָט די אויסגעשפּראָכענע פונקציע פון ש. אשס אפּאָלאָגיזירן דעם יידישן גוויר פונעם אלטן שניט העלפט אונדז אויסקלאָרן דעם סאָציאָלאָגישן עקוויוואלענט פון אשס שאפונג.

## IV

א וויכטיקע כאראקטעריסטישע געשטאלט בא שאָלעם אשן איז דער צוריקגעקומענער, דער צוריקגעקומענער אין שול-געסל: אין זיין גאנצער שאפונג שטרעבט ש. אש צו דערווייזן, אז אין אלע דערוויכטיקע „בני ישראל" לעבט דער גרויסער נאציאָנאל-רעליגיעזער געפיל. עס טליעט די וואַרעמקייט צום שול-געסל, צום בעסמעדרעש... אלע וועגן און שטעגן פירן צום שול-געסל.

נאָך אין א פריִיקער נאָוועלע אונטער זייער א כאראקטעריסטישן פאר ש. אשן נאָמען „בעסמעדרעש" קומט די לירישע שילדערונג פון שול-געסל מיטן „בעסמעדרעשל". ש. אש שרייבט דאן: „עס דאכט זיך, אז אן אלטע באָבע איז דאָס בעסמעדרעשל פון א סאך אייניקלעך, מיט א ברייטן שירצ, וואָס באהאלט אלע אירע אייניקלעך אונטער איר שירצ ארונטער"... א ליבע באָבעשע מיט מייסעס און לעגענדעס, א הויז איז דאָס בעסמעדרעשל פאר אלע יידישע קינדערלעך, א נאכטלעגער פאר אלע". („מאָטיוון" — „א בעסמעדרעשל").

ווי אָפט עס קומט די געשטאלט פון בעסמעדרעש אין אשס פארשיידענע ווערק: „און עס דאכט זיך, אז עס איז ערגעץ-ווו פאראן א יידישע וועלט, א יידיש לעבן, א גרויסער יידישער

בעסמעדרעש און דאָס גאנצע ייִדישע פאָלק לעבט אינ א גרויסנ קאסטנ שיימעס, באהויכט מיט הײליקנ שטויב און אפ דעמ ליגט אויסגעגאָסנ דאָס ייִדישע כײנדל — די ייִדישע היימלעכקײט, בענקעניש" („שטעטל, מײַנ אונטעשטרײַכונג. — ש. ק.)

אָ, ש. אש האָט שוינ א לאנגאָניקנ סטאזש פונ אײַנשטעלנ א נאָענטנ קאָנטאקט מיט דער דאָזיקער אלטער באָבע און מיטנ הײליקנ שטויב, דאָס איז געשענ נאָכ מיט פיל יאָרנ פריִער, אײדער ער איז זויכע געווענ צו א מאפּטער אינ זײַנ היימ־שטעטל קוטנע (1922 יאָר), דאָס איז געשענ שוינ אינ די ערשטע יאָרנ פונ זײַנ ליטערארישער ארבעט...

און דערמיט פאריײניקט ש. אש דעמ קוילערגעסלדיקנ פארשוינ און יעכעזקלענ, דעמ „פראָסטנ יונג" און שלוימע נאָגיד — מיט זײער ציִעניש צומ שול-געסל. ש. אש האָט נאָכ לאנג פאר דער גרויסער דערציילונג „קידעש-האשעמ" אָנגעשריבנ א נאָוועלע אונטערנ זעלבנ נאָמענ (א צוגרײטונג פאקטיש צו דער דאָזיקער גרעסערער דערציילונג); ווערט דאָרט ארויסגעפירט, אז אויכ דער באלעגאָלע-יונג איז פײַיִק אומצוקומענ אפּ קידעש-האשעמ, אָט „דער פראָסטער יונג פונ דער גאס, וואָס ניט אײנ מאָל האָט מענ אימ שוינ געטראָפנ מעכאלעלשאבעס זײַנ בעפארהעסיע", אָט דער זעלבער, וואָס „היט ניט אָפּ קיינ מינכע און מײַרעוו און שאבעס גײט ער מיט זײַנ פערד איבער דער גאס שפאצירנ, עסט אומגעוואשנ און נעמט דעמ סידער אינ האנט ניט ארײַנ". אויכ ער האָט געלאָזט זיכ דעמ קאָפּ אראָפּהאקנ צוליב זײַנע רעליגיִעזע געפילנ. און די מוטער פונ דעמ דאָזיקנ „פראָסטנ יונג" טאנצט מיט שטאָלצ אינ שול מיטנ אָפּגעהאקטנ קאָפּ פונ איר זונ דעמ באלעגאָלע.

און די „ייִדישקײַט" לעבט אויכ, פארשטײט זיכ, בא ש. אשנ אינ דעמ „אונטערוועלט"־מענטש. געדענקענ מיר דאָכ, וויִאזוי מאָטקע גאנעוו האָט געלייזט פעטש פונ נאָסנ גאנעוו פאר זײַנ קאלטקײַט צומ... סיידער, און די „לאָוויטשערנ" (די פראָסטיטוטקע) גײט אויס פאר נאכעס, ווענ זי הערט, ווי דער פאפּיראָסניק לייענט פּיירעק.

און אינ קוואסניצאָוועס הײַזל ווערט אזוי געאכט און געשעצט דער רעליגיִעזער געפיל...

„אויזערל גאנעוו“ אין דעם „טילים־ייִד“ זאָגט: „וואָס איך בין, בין איך, נאָר א ייִד בין איך“. און ער איז דער, וואָס שטעלט איין דאָס לעבן, טוט זיך איבער פאר א פויער און דערוויסט זיך, אז זעליק דעם גרויסן פערד־הענדלערס טאָכטער ריווקעלע האָט זיך צוריק אומגעקערט צום ייִדישן גלויבן. „דיין טאָכטער איז געבליבן א ייִדיש קינד“, קומט ער צום פארטרויערטן סויכער מיט דער פסורע... („היינט“, יאנוואר 1934).

אלע „בני ייִסראָעל“ פאריינִיקט אין איין אידיי — די נאציאָנאל־רעליגיִעזע אידיי. דאָס איז דער קורצער און אייגנטלעכער זין פון ש. אשס גרויסע און לאנגע ראָמאנען... דאָס איז דער טאָך ניט בלויז פון זיינע אויסגעשפראָכענע נאציאָנאליסטיש־אָנגרייפערישע ווערק פונעם מין „קידעש־האשעם“, „קישעפמאכערן פון קאסטיליע“ און „טילים־ייִד“, נאָר אויך פון אלע אנדערע אשס ווערק, וואָס זיינען אין טאָך ניט וויינִיקער נאציאָנאליסטיש־אָנגרייפעריש...

טאקע אין דער געשטאלט פונעם צוריקגעקומענעם איז פארקערפערט די פולע קאָנצענטראציע פון נאציאָנאליזם און די גרויסע ליבע אשס צום שול־געסל און הייליקן שטויב. פונקט ווי אינעם געלבן „היינט“ זעען מיר דאָס אינעם שטענדיקן אָפּטייל פון אָט דער צייטונג: „וועגן די, וואָס זיינען געקומען צום ייִדישן פאָלק“, אָנגעהויבן פון דער לעגענדארער טאנאכישער רוס אאוו. אדג.

וועגן מערין האָט ש. אש אמאָל געשריבן אין אָנהייב פון זיין געמעלאָכעטן ראָמאן „דער וועג צו זיך“, אז זי איז „א ביימל, פארפלאנצט אין א פרעמדן קלימאט. זי האָט ארום זיך געזען באגייסטערונג, ליבע, בענקען צום לאנד, צום פאָלק, צו מינהאָגים און צו יאָנטויווים, און זי האָט גאָרניט געהאט. אירע עלטערן האָבן איר קיין ירושע ניט איבערגעלאָזט. נאקעט שטייט זי אליין אין דער וועלט, אָן טראדיציע, אָן גלויבן און אָן ליבע“ („דער וועג צו זיך“, ניו־יאָרק, 1917, זייטן 46—47). און דאָס זאָל זיין די סיבע, לויט אשן, פון איר אומצופרידנקייט. אָבער גאָר אינגיכן באקומט זי ליבע און בענקעניש און גארעניש צו איר לאנד, צו איר פאָלק און צו די מינהאָגים און יאָנטויווים פון איר פאָלק. אפילע דער אסימילירטער יאש בלום, דער פוילישער נאציאָנאליסט, האָט „וואָס

אמאָל מער געקריגן רעספּעקט פאַר דעם שאַבעסדיקן ניגן, וואָס האָט געשפּילט פון איר", דה. פון מעריין (אַז יעכעזקלס פעדר האָבן רעספּעקט פאַרן „שאַבעס־קידעש" — שאַבעס האָבן זיי דאָך קיינמאָל יעכעזקלען אין וועג ניט איבערגעלאָזן, זאָל נאָך מערי ניט האָבן דעם רעספּעקט!). און מערי געפינט „דעם וועג צו זיך". דער אַנדערער העלד מישע האָט אַ שטיקל צײַט אַ שײַכעס צו דער „באַוועגונג" און לויט אַשן באַטײַט דאָס אַזוי גוט, ווי אַוועקגיין פון ייִדישן פאָלק, זיך דערווײַטערן פון אים. גאָר אײַנגיכן לעבט, פאַרשטייט זיך, „דער רעוואָליוציאָנער" מישע איבער אַ נאַציאָנאַלע טראַגעדיע, ער קומט צום אויספיר: „מיר, ייִדן, ריידן וועגן אַלץ, מיר האָבן שוטפעס אין אַלץ און אונדזערס איז קיין זאַך ניט" („מערי"). ער קערט זיך צוריק אום צום שול־געסל, צו זײַן נאַציאָנאַלער היים און שיכט... דאָקטער לייזעראָוויטש („מערי") וויל דערציִען זײַנע קינדער „אָן רעליגיאָן פּרינציפּיעל", אָבער זײַנע קינדער, דאָוויד און ראָכעלע, זײַנען דאַפקע פאַרכאַפּט פון אַ רעליגיעזער שטרעבונג, זיי ציִען דעם פאָטער פאַר די פּאָלעס אין שול־געסל אַרײַן, זיי פאָדערן באַם פאָטער קידעש מאַכן און זיי זינגן... דאָקטער לייזעראָוויטש געפינט אויך „דעם וועג צו זיך".

דער „גרויסער" רעליגיעז־נאַציאָנאַלער געפיל לעבט אַזויאַרום, לויט אַשן, אין די בלוטן פון „אַלע ייִדישע לײַבער", מעג מען זייערע טרעגער דערציִען אַפילע אָן אַ „רעליגיאָן פּרינציפּיעל".

אַ צוריקגעקומענער איז אויך פאַקטיש דער קלייניקער רעוואָליוציאָנער, דאָס ייִנגל דאָווידל, וואָס זיצט מיט זײַן פאָטער אין טפּיסע, אַ פאַרמישפּעטער צום טויט. און איידער ער גייט צו דער עקזעקוציע, פרעגט ער באַם טאַטן „עפּעס וועגן יענעם ייִדישן פילאָסאָף" און וועגן זײַן אויפפאַסונג פון געטלעכקײַט. אַ מינוט פאַרן טויט הערט אויס דאָס ייִנגל אַ לאַנגע כקירע פונעם טאַטן וועגן דער געטלעכקײַט־סיסטעם בײַ אַן אַלטן ייִדישן רעליגיעזן פילאָסאָף („וואַרשע", ז. 415).

און ש. אַש האָט שוין אויסגעאַרבעט אַ באַשטימטע נאַציאָנאַליסטישע סכעמע, אַ שטאַמפּ, וואָס ער כאַזערט איבער פון בוך צו בוך. דער אַדוואָקאַט מירקין (אין דער טרילאָגיע „פאַרן מאַבל") האָט

זיך דערצוילגנ אינ סיביר אינ א ניט־ייִדישער סוויווע, ער האָט אפילע ניט געוווסט, אז ער איז א ייִד לויט דער נאציאָנאליטעט. אָבער גאָר שנעל קומט ער צוריק צו זײַנ נאציאָנאלנ שטאמ, צו ייִדישקײַט, אונ דערפילט דעמ „עמעסנ טאמ" פונ דער ייִדישער עמונע. ער שרײַט אויס אינ עקסטאז: „די עמונע איז דאָס איינציקע, וואָס האָט ייִדנ דערהאלטנ ביז איצט אונ וועט זיך אופהאלטנ אינ דער צוקונפט. די עמונע איז דאָס איינציקע, וואָס ייִדנ פארמאָגנ, דאָס איז דאָס עמעסע ייִדישע פאָטערלאנד" („ווארשע", ז. 74). אונ מירקינ „פילט דעמ שא-בעס אינ זיך". שאָלעמ אש פירט מירקינעג אפנ אויסגעטראָטענעמ וועג אינ לאָדזשער בעסמעדרעשל ארײַנ („ווארשע", ז. 318).

דער נײַער ראָמאנ ש. אשס „באמ ראנד", וואָס דרוקט זיך איצט אינ „הײַנט", איז אויך געבויט אפ דער זעלבער „אידיי־פיקס" — אפ דער אידיי פונעמ צוריקגעקומענעמ. דער טאָכ פונ אָט דעמ ראָמאנ וועגנ דער „טראגעדיע פונעמ ייִדנטומ" איז, ווי עס רעקלאמירט אימ דער ציאָניסטיש-פאשיסטישער „הײַנט", דערינ, וואָס „די דײַטשישע ייִדנ האָבנ פארגעסנ זייער ייִדישע ווירדע, פארלייקנט פאר זיך אונ פאר דער וועלט זייער אָפּשטאמ" — ביז די געשיכטע אינ דער גע-שטאלט פונעמ דײַטשישנ פאשיזמ האָט אָנ זיי נעקאָמע גענומענ פאר די דאָזיקע זינד.

די צענטראלע פיגור פונעמ „באמ ראנד" איז „א מישלינג, א קינד פונ א געמישטער כאסענע צווישנ א ייִד מיט א קריסטנ, אונ ער אליינ איז שוינ א קריסט", אָבער אזויווי „ייִדיש בלוט" ווערט קיינמאָל ניט אײַנגעשטילט אונ קיינמאָל ניט אסימילירט אינ אנדערע בלוטנ, איז „דער דאָזיקער קריסט פונ ייִדישער אָפּשטאמונג די טראַ-גישסטע דערשײַנונג אינ דעמ ווערק, ער זוכט צו געפינענ זיך אליינ, גייט דורכ פארשיידענע גילגולימ, ביז ער געפינט זײַנ וועג צוריק".

איבערגעכאזערט פאקטיש די זעלבע רעליגיִעז־נאציאָנאליסטישע סכעמע, וואָס מיר האָבנ שוינ באגעגנט אינ אלע אנאליזירטע ווערק. אונ דער פאשיזמ גופע ווערט דאָ אופגעפאסט ווי אנ עפיזאָד אינ דער געשיכטע פונעמ ייִדישנ פאָלק, ווי אנ עפיזאָד אינ דער גע-שיכטע פונעמ ייִדישנ פאָלק פאסט אש אויך אופ די מילכאָמעס, רע-

וואָליוציעס... אשס ווערק אנטהאלטנ אינ זיכ דעם סאמע קאָנצענטרירטנ אויסדרוק פונעם ייִדישנ קריגערישנ שאָוויניזם.

אינ דער עפּאָכע פונעם צווייטנ טור פּראָלעטארישע רעוואָליוציעס אונ איִמפּעריאליסטישע מילכאָמעס אָרגאניזירט די בורזשואזיע מאקסימאל אלע אירע קויכעס קעגנ דער אָנוואקסנדיקער אונ אָנגרײַפעדישער רעוואָליוציע. עס צעבליט זיכ דער מיסטיציזם, עס הייבנ אופּ דעם קאָפּ אלע שווארצע פינצטערע קויכעס, עס צעקלינגענ זיכ מעכטיקער די קלויסטער-גלאָקנ. דער רופ: „אינ שול־געסל ארײַנ" ווערט אינ דער ייִדישער פאשיסטישער סוויווע אויכ, נאטירלעכ, געשטארקט... עס צערעדנ זיכ די פארשיידענע דאָקטוירים פונ פאשיזם אונ סאָציאל־פאשיזם וועגנ דעם אינערלעכנ רעליגיעזנ געפיל, וואָס איז אנ „אייביקע קאטעגאָריע", וואָס אנטשטייט אונ וואָס אנטוויקלט זיכ לויט די אייגענע געזעצנ אונ לעבט „באם וויסנשאפטסמאנ, באם פּילאָט, קוילנגרעבער, מאטראָס, ארטיסט, לעקטער, זינגער, רעדנער" אאוו. אדג. אונ ווי צו די, וואָס פארמעסטנ זיכ אפּ דער דאָזיקער „הייליקײַט"... („ליטערארישע בלעטער", 1933, דר מ. זילבערפארב „די גרענעצנ פונ דער אנטירעליגיעזער קאמפּאניע"). דאָס לאנג אויסגעפּרווטע געווער פונ דער בורזשואזיע איז געווענ אונ איז „דער קאמפּ פונ געטער אונ פעלקער". מיט דער הילפ פונ רעליגיע אונ שאָוויניזם פּרווט דער פאשיזם צו שאפנ די איליוזיע פונ א סאָציאלער אידיליע אינ פאָלק, אונ עס ווערט ארויסגערוקט די ראסנ־טעאָריע. אונ ש. אש האָט דאָכ שוינ, ווי מיר האָבנ אויבנ באוויזנ, א לאנגאָניקע דערפארונג פונ טראָגנ די פאָנ פונ שול-געסל, די פאָנ פונ נאציאָנאליזם אונ שאָוויניזם.

אינעם ראָמאנ „מאָסקווע" פּראָקלאמירט שאָלעם אש אפנ בוילעטסטנ אויפנ די טעאָריע. עס רעדט דאָ בא אים דאפקע דער „קאָמוניסט" מירקינ, נאָר אינ מירקינענ דעם „קאָמוניסט" רינט דאָס בלוט, דאָס סאמאָראָדנע בלוט פונ פאשיזם. אָט הערט אפּ טשיקאוועס: „וואָס איז ראסע? — פרעגט ער, אונ ענטפערט: ראסע איז בעשוטפעסדיק בלוט, וואָס רינט אינ די אָדערנ פונ איינ שטאם, אזוי ווי עס רינט דאָס כיעט פונ אייניינציקנ וואָרצל דורכ דעם בוים־שטראָם אונ צעטיילט זיכ אפּ די פארשפּרייטסטע צווײַגנ ביזנ לעצטנ בלאט. ראסע

איז ערד, איינ פײַכטקײַט, איינ וואָלקנ־ספערע, איינ זונ־באַשטראַלונג, איינ הימלרײַכ. דער וואָרצל פונ בוימ נאָגט אויס די גאַנצע לעבנס־פײַכטקײַט פונ דעמ פאַס ערד פאַר זיכ אַליינ אונ פאַרטרײַבט דורכ דעמ אַנדערע וואָרצלענ פונ אַנדערע פלאַנצונגענ, וואָס רײַסנ זיכ אַרײַנ אינ זײַנ שעטעכ. בעסער פאַר אונדז, פאַר אונדזער בעשוטפעסדיקנ לעבנ אפנ בוימ". („מאָסקווע", ז. 405).

אויב דאָ איז ניטאָ קיינ קונסט, ניטאָ קיינ געשטאַלט, ניטאָ קיינ בילד, איז עס אָבער אויסגעשפּראָכענע פאַשיסטישע פּובליציסטיק, פאַשיסטישע רעטאָריק פונעמ היטלער־ראָזענבערג סטיל. אָט איז אַ שאַרפער בײַשפּיל פונ ליטעראַטור, ווו די שאָוויניסטישע, די פאַשיסטישע קאַוואַנע האַרגעט טאַקע ביזנ סאָפ אַוועק דעמ קינסטלער.

פאַרשטעקנ זײַנ אייגנטלעכע טענדענצ האָט ש. אַש אינ אַ געוויסער מאָס געקאָנט אינ זײַנע ווערק, וואָס באַהאַנדלענ די טעמע „קוילער געסל" אונ „אונטערוועלט". דאָרט האָט ער זיכ געראַטעוועט אַלס קינסטלער דורכ דעמ, וואָס ער האָט געמאָלט בילדער פונעמ שטייגער־לעבנ פונ קוילער געסל אונ „אונטערוועלט", אונ ש. אַש האָט דאָרט מעסט אָנגעקוועטשט אַפ דעמ טיילווײַז ווירקלעכ פאַרקומענדיקנ פּראָצעס פונעמ געבורט פונ קאַפּיטאַליסטנ אונ קאַפּיטאַליסטלעכ איג אָט דער סוויווע, ער האָט אָבער „גענעראַליזירט" דעמ דאָזיקנ פּראָצעס אינ דער געשטאַלט פונעמ „ארופגעאַרבעטנ" אונ געטאָנ האָט ער דאָס אינ די ציפנ צו ריכטנ די קוילערגעסלדיקע מאַסנ אַפ די וועגנ פונעמ קאַפּיטאַליזמ. ער האָט ווי אַ בורזשואַזער שרײַבער אינגאַנצנ פאַרשוויגנ דעמ צווייטנ פּראָצעס, דעמ גרונט־פּראָצעס: די פּאַופּעריזאַציע אונ רויִנירונג פונ די קוילערגעסלדיקע מאַסנ...

אָבער אָנשרײַבנ אַ קינסטלערישנ בוכ, וואָס זאָל באַשטעטיקנ, אַז „ראַסע איז בעשוטפעסדיק בלוט", וואָס זאָל דערווײַזנ „דאָס מי־שפּאָכע־געפיל" פונעמ ייִדישנ פאָלק: „דאָס גאַנצע ייִדישע בלוט איז געוואָרנ איינ מוטערלעכ בלוט, — אונ עס גיסט זיכ אינ אַלע ייִדישע לײַבער" („מאָסקווע", ז. 140) איז אומעגלעכ, ניט געקוקט אַפ דעמ, וואָס נאָכ בינ דער טרילאָגיע „פאַרנ מאַבל" האָט שוינ ש. אַש געמאַכט אַזויפיל פּרווונ אונ פאָרבאַרײַטונגענ דערצו.

די אַלע פּיליצאַליקע פּרוווּן און פֿאַרבאַרייטונגען האָבן ניט געהאָלפֿן. ש. אַש איז פֿאַרבליבן אין די גרענעצן פֿון שאָוויניסטישער פּובליציסטיק און פֿאַשיסטישער רעטאָריק... אומעטום שפּאַרט אַרויס די טענדענץ איינצושטעלן דעם קאָנטאַקט מיטן ריבוינעשעלוילעם, וועגן זיין „טילים־ייִד" האָט ש. אַש געמאָלדן, אַז זיין ציל איז „פֿאַרבינדן זיך מיט דער ייִדישער טוירע, מיט דער ייִדישער געזעצגעבונג, עטיק און מאָראַל". דאָס אַלץ גייט באַ אַשן באַנאַנד מיט פּאָרנאָגראַפֿישע שונד־געשיכטעס.

מיר האָבן שוין פֿאַרצייכנט דעם פֿאַקט, וואָס אין די פֿאַרשיידענע נאָוועלן, דערציילונגען, ראָמאַנען און טרילאָגיעס ווערט באַ אַשן, צום הונדערט איינטן מאָל איבערגעכאַזערט די בורזשואַז־נאַציאָנאַליסטישע סכעמע וועגן דעם „צוריקגעקומענעם".

מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט אַ באַוווּסטזיניקער בורזשואַז־נאַציאָנאַליסטישער קאָמפּאָזיציאָנעלער פּלאַנירונג פֿון ליטעראַרישע ווערק. די איבערוואַנדערונג פֿון איינע און די זעלבע מאָטיוון און אַפֿילע סצענעס פֿון בוך צו בוך, פֿון ווערק צו ווערק, טראָגט שוין פֿאָשעט אַ כאַראַקטער פֿון פּלאַגיאַטעווען באַ זיך אַליין. און דאָס איז זייער כאַראַקטעריסטיש פֿאַר שאָלעם אַשן. אָט, לעמאָשל, דערמאָנט זיך די סצענע וויִאַזוי ראָכעלע, יאַנקעוו גאָלדמאַנס טאָכטער, פֿיילט אַרום מאַטעסן אין דער „יאַטישער טאָכטער": „זעסטו, מאַטעס, עס פּאַסט נישט; דאָס פּאַסט פֿאַר זיי (צו זיצן שאַבעס נאָך מיטיק מיט דער כעווערע—ש. ק.), נישט פֿאַר דיר". אין „מאָטקע גאַנעוו" טרעפֿן מיר אַבסאָליוט דעם זעלבן מאָטיוו און די זעלבע סצענע — אַ פּאָשעטע דובלירונג. דאָ קנעלט שוין איין מיט מאָטקע גאַנעוו כאַנעלע. זי זאָגט צו אים: „זעען זיי, אַרנ־לייב, זיי זיינען דאָך שוין אַ כאָסן, עס פּאַסט דאָך ניט" (זיך כאַווערן מיט די יונגען—ש.ק.). דאָ איז דאָך אַפֿילע ניטאָ קיין ניואַנסירונג. אָדער די פֿיגור פֿון דער שיינער דראָטגייערן אינעם קורצן ראָמאַן קלייד. מיר טרעפֿן זי אין דריי פֿאַרשיידענע ליטעראַרישע ווערק קימאַט אינגאַנצן ניט קיין געענדערטע: אין „שטעטל", אין „שלוימע נאָגיד" און אין „מאָטקע גאַנעוו", אָדער די פֿיגורן פֿון באַלטשוווּעדיקע קאַפּיטאַליסטן. וואָס פֿאַר אַ נייס, לעמאָשל, האָט דאָס ווערק „כאַיִם לעדערערס צוריקער" אַריינגעבראַכט

אינ פארגלײַכ מיט „אָנקל מאָזעס“. „אָנקל מאָזעס“ קערט זיכ אומ צוריק צו די אנשײקוזמינ, פארלאָזט דעמ שאפ. די זעלבע מײַסע אונ די זעלבע סצענעס ווערנ אינ א זעקס־זיבנ יאָר ארומ איבערדערציילט אינ „כאימ לעדערערס צוריקער“.

די אויסגעשפראָכנ בורזשואזע טענדענצנ וועגנ דעמ, אז דער קאפיטאליסט פארמאָגט, אייגנטלעכ, א גרויסנ געוויסנ, אונ ער, דער בורזשוא אליינ, הייבט אָנ לײַדנ אונ ווייטעקנ פאר דעמ אומרעכט פונ דער שוויץ־סיסטעמ, ער זאָגט זיכ פונ איר אָפּ (הײַנט וואָס קריכט איר מיט אײַער קלאסנקאמפ ?) — אָט די דאָזיקע נעבעכדיקע בורזשואזע טענדענצנ ווערנ אָנגעקליידט אינ איינע אונ די זעלבע אשישע ליטעראַרישע שמאטעס, אינ איינע אונ די זעלבע בילדער אונ סצענעס. דאָס רעדט, נאטירלעכ, זײַער איבערצײַגנד וועגנ דער „גרויסער מײַסטערשאפט“ פונעמ „טילימ־ייִד“־שרײַבער.



די בורזשואזע אופאסונג פונ דער פאנאנדערשיכטונג אינ דער געזעלשאפט, די אָפּלייקענונג פונ קלאסנ- אונ שיכטנ-קאָנפליקטנ אינ דער עקספלואטאטורישער געזעלשאפט, די צופרידנע באשטעטיקונג פונ דער דאָזיקער אָרדענונג ווערט אויסגעדריקט אינעמ גאנצנ סטיל אשס, אינ אלע זײַנע סטיל־קאָמפּאָנענטנ. אָט, לעמאָשל, אינ די נאטור-שילדערונגענ. די פייזאזשנ עטעמענ בא אשנ מיט דער זעלבסט-צופרידנהײַט פונעמ בורזשוא, וואָס טראכט זיכ, אז די בורזשואזע געזעלשאפט איז די סאמע גערעכטע אונ אײַנגעאָרדנטע געזעלשאפט אינ דער מענטשלעכער געשיכטע.

עטלעכע איליוסטראציעס:

אינ דער נאָוועלע „באמ ברעג פונ ווײַסל“ („מאָטיוונ“) איז אָנגעצייכנט אזא פייזאזש: „אונ פארכאָלעמט איז אלצ אינ גאָטס לאנגזעליקנ שלאָפ, אונ אלצ בייגט זיכ, טוליעט זיכ אײַנ צו דער מאמעס ברוסט—דער ערד, אײַנצושלאָפנ אפ גאָטס שויס. אפאָנעמ, אלצ ארומ איז צופרידנ מ״ט זײַנ גורל, וואָס עס איז פאַר איִמ באשערט אונ פארלאנגט ניט קיינ בעסערס“.

אינ „שטעטל“, „אינ שלוימע נאָגיד“, ווי אינ פיל אנדערע ליטעראַרישע ווערק אשס, דאָמינירט דער דאָזיקער אידיליש־ראָמאנטישער פּייזאזש: „אויבנ אפנ הימל האָט זיך איינ שטיק העל־שײַנענדיקער הימל אינ אנדערע ארײַנגעגאָסנ. פונ אלע עקנ זײַנענ אָנגעקומענ צו שווימענ העל־זילבערנע נעגידיש־כסידישע וואָלקנדלעך, אונ איינס האָט דורכגעשוועבט איבערנ צווייטנ. אינ עק וועלט האָט זיך געכמארעט, נאָר דער שווארצער וואָלקנ איז צערונענ, אונ פונ זײַנע שפּאלטנ האָט די זונ ארויסגעגאָסנ מיט ליכט, אונ די ליכטיקײַט האָט אָפּגעגלאנצט אונ באהעלט אונטנ אפ דער ערד“ („א שטעטל“, פארלאג „פּראָגרעס“ אינ 1911 יאָר, זײַט 58).

קלאָר, דאָ האָט זיך דער הימל דאָס אזוי אויסגעלײַטערט לעקאָוועד דעמ רעבנ. לעקאָוועד דעמ רעבנ איז דער גאנצער פּאראד פונ די אָנגעשווומענע... נעגידיש-כסידישע וואָלקנדלעך. אונ „נעגידיש“ אונ „כסידיש“ זײַנענ בא אשנ קאטעגאָריעס פונ הערלעכקײַט אונ דערהויבנקײַט. די דאָזיקע אונ ענלעכע אידיליש־ראָמאנטישע פּייזאזשנ דריקנ אויס דעמ געמיט פונ דעמ בורזשוא, וואָס האָט נאָך דערווײַל ניט דערפילט, ווי ווײַט די אונטערערדישע רעוואָליוציאָנערע פּראָצעסנ זײַנענ שוינ אוועק אינ פּראָט פונ אונטערײַסנ די בורזשואזע געזעלשאפט.

דערווײַל דוכט זיך נאָר אימ, אז „די כסידישע פידל, די באלעבאטישע טרוימייט, די באלעגאָלישע באָמבע“ גיבנ איינ טאָנ, איינ ניגנ („א שטעטל“, פארלאג „פּראָגרעס“, ז. 137). שפּעטער א ביסל, אונ באזונדערס נאָך דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע, ווענ די בורזשואזיע האָט שוינ ניט איינ מאָל ארײַנגעקוקט דעמ טויט אינ די אויגנ ארײַנ אינ א גאנצער ריי לענדער, האָט שוינ דער בורזשוא קיינ קאָפּ ניט פאר אזעלכע אידיליעס אונ ראָמאנטישע שטיק. אויך אזא טעמפּ־באַגרענעצטער מויעך, ווי אש'ס, מוז א ביסל אומרויִק ווערנ, אונ אינ זײַנע ווערק באגעגענענ זיך אלץ ווייניקער אונ ווייניקער אזעלכע ראָמאנטיש־אידילישע נאטור־שילדערונגענ. אש הייבט טאקע אָנ זיך צו באשעפטיקנ מיט קאָנפליקטנ, ער שרײַבט זײַנע אויסגעלאסענע ביכער וועגנ דער רעוואָליוציע אונ רעוואָליוציאָנערנ...

ז

און שאָלעם אַש, וואָס איז אַזוי פאַרנומען מיט דער טעמע פון מיטלאַלטער (אין פּלאַן פון אידעאַליזירן אים) איז ניט פאַרבײַגע־גאַנגען די דירעקטע שילדערונג פון רעוואָליוציע און רעוואָליו־ציאָנערן.

נאָך ביזן „פּאַרן מאַבל" האָט ש. אַש געשריבן ביכער און עפּיזאָדן וועגן רעוואָליוציע און רעוואָליוציאָנערן. אין „פּאַרן מאַבל" האָבן מיר דעם קאָנצענטרירטן אויסדרוק פון דער בורזשואַז־פּאַשיסטישער באַציִונג צו דער פּראָלעטאַרישער רעוואָליוציע.

די דאָזיקע „ווערק" ש. אַשס שטעלן מיט זיך פאָר אַנדערע די זעלבע פּלאַפּלערײַ, וואָס מיר האָבן אין דער בורזשואַזער פילאָסאָפיע פון אַ שפּענגלערן.

אָט וואָס עס שרײַבט דער דײַטשישער פּאַשיסטישער פילאָסאָף שפּענגלער וועגן רעוואָליוציע און וועגן רעוואָליוציאָנערן: „זיי זײַנען אין דער אָדער יענער מאָס דעגענעראַטן. דאָס זײַנען מענטשן, וואָס אָנשטאָט ראַסע קענט איר בײַ זיי טרעפן נאָר פאַרצאָרנטקייט און געקאָמע־אינסטינקטן, בײַ זיי אין קאָפּ זײַנען פאַרצאָרנטע געדאַנקען וועגן אײגענעם ניט אײַנגעגעבענעם לעבן... דאָס זײַנען די אָפּפאַלן פון די גרויסע שטעט, דער עמעסער פּלעבס, דער ווירקלעכער דעק פון דער געזעלשאַפט, וואָס באַציט זיך מיט פאַראַכטונג צו אַלעם גרויסן און הערלעכן אין דער דאָזיקער וועלט". און נאָך:

„די ליבע צו קונסט, די אַלטע פּאָעזיע, אַפילע די ליבע צו אַ קולטורעלן סאָד מיט שיינע בלומען און זעלטענע מינים פרוכטן, רופן אַרויס אַ פאַראַכטונג, און עס דערגייט דערצו, אַז דעם סאָד רויִנירט מען, מע פאַרברודיקט, מע פאַרשמוציקט און מע פאַרברענט אים. דער הויפּט־סוינע, איז די קולטור, און דאָס איז אַלץ דערפאַר, וואָס די מאַסע פאַרשטייט ניט איר שאַפונג און קאָן אינערלעך ניט באַנעמען זי" („יאָרן, וואָס דעצידירן", ז. 67, 69).

און ש. אַשס שרײַבעכצן וועגן רעוואָליוציע שטייען אָפּ אָט דער זעלבער מאַדרייגע. באַזונדערס איז דאָס צו זען אין דער טרילאָגיע „פּאַרן מאַבל". די רעוואָליוציע ווערט דאָ אויפגענומען ווי אַ „מאַבל",

א שטראָף פון זײַן ליבן נאָמען. און אזוי נעמט אויף די רעוואָליוציע אויך דער באקאנטער אונדז „קאָמוניסט“ מירקין: די וועלט מוז אָפּקומען פאר אירע זינד... פארברודיקט איז זי געוואָרן („מאָסקווע“).

דאָס ראָוו זײַנע „רעוואָליוציאָנערן“ פירט שאָלעמ אש ארויס ווי דעגענעראטן, ווי מענטשן, אין וועמענ עס האָבן זיך צעשפּילט די נעקאָמע־אינסטינקטן. אזא איז בא אשן ריטשקאָוו, דער פּאָרזיצער פון מאָסקווער רעוו. מיליטער. קאָמיטעט. ער איז פּאָשעט אן ארויסוווּרף, ער פּײַניקט ברוטאל דאָס לײַב פונעם פּריצישן מיידל, צוליב „קלאסן־נעקאָמע“: „קומ צו מיר אין די פּריצישע קליידער, אין וועלכע דו ביסט אפ די צארישע בעלער געגאנגען... אָבער ניט אפ דיסקוסיעס, — זאָגט ער ברוטאל און שמייכלט“ („מאָסקווע“, זײַט 399). און דאָס קאָמיסארל אָסיפּ מארקאָוויטש, דער זון פון מעקלערל, ברעכט, פארניכטעט, צעגראָמירט אלץ, וואָס ער געפינט אין הויז פון בורזשואַ האלפּערן. דערצו ווערט ער געטריבן פון פינצטערע אינסטינקטן, פון קינע־געפילן („מאָסקווע“). און דעם יונגן מירקין „איז מיטאמאָל פּאָרגעקומען, אז אָקטיאבער איז פארוואנדלט געוואָרן אין א כײַע, און ווי א כײַע פרעסט ער דאָס מענטשלעכע באשעפעניש אָן אופהער“, און ער צעשרײַט זיך: „אָקטיאבער, בא וואָס ווערסטו זיך אָפּשטעלן“! („מאָסקווע“, זײַטן 427—433).

עס איז מאמעש ניט גרינג צו געפינען אין דער ווײַסעמיגראנטישער און פאשיסטישער ליטעראטור פיל אזעלכע פרעכע, אויסגעלאסענע פאשיסטישע ארויסטרעטונגען קעגן דער רעוואָליוציע און רעוואָליוציאָנערן, אזעלכע עקלדיקע און ציניש קאריקאטורן אפ אזוינע הערלעכע פיגורן פון דער רעוואָליוציע ווי פעליקס דזערזשינסקי. און געוואגט האָט אויך דער „נאציאָנאלער דיכטער“, דער באלוינטער מיטן פּילסודסקי־אָרדען, זיך צורירן צו דער טעמע: לענין.

מוירעדיק נארעשעוואטע פּלוידערט אש וועגן דעם, וויאזוי לענין ווערט צעריסן און צעפּליקט פון אינערלעכע ספּייקעס, וויאזוי לענין מאטערט זיך איבער דער „פּראָבלעמ“ פון דער גײַסטיקער אומגלײַכקײַט פון מענטשן. פון די לאנגע, צעצויגענע און פארנעפּלטע פּראזעס, וואָס מיר וועלן דאָ ניט ציטירן, ווײַל מיר אכטן אונדזער לעזער, קאָן מען אויסשיילן דעם דאָזיקן דאלעסדיקן „געדאנקענגאנג“

באַ אשנ: גײַסטיקע אומגלײַכקײַט פונ מענטשנ איז א נאטור־דערשײַ־נונג. גײַסטיקע אומגלײַכקײַט איז אויכ דער קוואַל פונ דער סאָציאַ־לער אומגלײַכקײַט. אונ „דער גרויסער מאַנ מיט די מאָנגאָלישע אויגנ" (לענינ) טראַכט, אז דער קאָמוניזמ וועט פרווונ צאַמענ, האַלטנ אינ שפאַנ די אינטעלעקטועלע ענערגיע פונ דער פערזענלעכקײַט, ער וועט זי ניט לאָזנ אופהייבנ דעמ קאָפ, אָבער ער, דער קאָמוניזמ, וועט דאָ ברעכנ דעמ האַלדז אונ נאַקנ.. „אויב אזוי, איז זאָל־זשע אלצ גייג צומ טײַוול — שרײַט אויס דער פירער" („מאָסקווע").

דער דאָזיקער ארגומענט קעגנ דעמ קאָמוניזמ איז דאָכ אייגנט־לעכ די אלטע-אלטע בורזשואזע טײַנע..

„פארנ באַגריפ גלײַכהײַט האָבנ די בורזשואזע פראָפעסאָרנ גע־פרווט אונדז דעמאַסקירנ דערינ, אז מיר ווילנ קלוימערשט אייג מענטשנ מאַכנ גלײַכ צו א צווייטנ. אינ דעמ דאָזיקנ אומזינ, וואָס זיי אליינ האָבנ צוגעקלערט, האָבנ זיי געפרווט צו באַשולדיקנ די סאָציאַליסטנ, אָבער זיי האָבנ ניט געוווסט איבער זייער אמעראַצעס, אז די סאָציאַליסטנ — אונ נעמלעכ די גרינדער פונעמ מאָדערנעמ וויסנשאַפטלעכנ סאָציאַליזמ — מאַרקס אונ ענגעלס — האָבנ געזאָגט: גלײַכהײַט איז א פוסטע פראַזע, אויב מיט גלײַכהײַט זאָל מענ ניט פארשטיינ די פאַרניכטונג פונ קלאַסנ. די קלאַסנ ווילנ מיר פאַרניכטנ, אינ דער הינזיכט שטייענ מיר פאַר גלײַכהײַט. אָבער פרעטענדירנ דערופ, אז מיר ווילנ אלע מענטשנ מאַכנ גלײַכ איינעמ צומ אנדערנ, איז די סאַמע פוסטע פראַזע אונ נארישע אויסטראַכטעניש פונ אנ אינטעליגענט" (פונ לענינס רעדע „וועגנ אָפנאַרנ דאָס פאָלק מיט לאָזונגענ פונ פרײַהײַט אונ גלײַכהײַט").

אָט די דאָזיקע „נארישע אויסטראַכטעניש", אָט דעמ דאָזיקנ „צו־געטראַכטנ אומזינ" האָט דער פאַשיסטישער זינגער זיכ אונטערגענומענ „אויסדיכטנ", אונ וואָס פאַר א דיכטעניש האָט זיכ דאָ געקענט באַ־קומענ? די טעמע רעוואָליוציע אונ רעוואָליוציאָנערנ איז העכער פונ ש. אשס פאַשיסטישנ פארשטאַנד אונ סײַכל. רעוואָליוציע אונ רעוואָליוציאָנערנ איז אינגאַנצנ א פײַנט־לעכע אונ אומבאַקאַנטע וועלט פאַר אימ. אז שאָלעמ אש פארמאָגט

אפילע ניט די מינימאַלסטע קינסטלערישע אינסטרומענטן, די שילדערונג-מיטלען פאַר דער געשטאַלט פון רעוואָליוציע און רעוואָליוציאָנערן. אויך דאָ ליפערט ער די קונצט-מיטלען פון זײַן שול-געסל, פון זײַן באַלעבאַטישער און נאַציאָנאַל-רעליגיעזער אויסקומעניש. איז וויאַזוי זאָלן זיך דאָ ניט באַקומען קיין קוריאָזן?

עטלעכע בײַשפּילן:

דער „כאַוועך מאַרעק" (דזערזשינסקי) ווערט אַזוי געשילדערט:

„דאָס איז געווען אַ מאַן, וואָס מע קען פאַרגלײַכן צו אַ קוי-הען גאָדל פון אַן אָפּגאָט אין די צײַטן פון באָוול" — („מאָסקווע", ז. 133).

אָדער די באַשרײַבונג פונעם מאָסקווער רעוואָליוציאָנערן מילי-טער-קאָמיטעט: דאָס גובערנאַטאָרישע הויז, קען מען זאָגן, איז געוואָרן פאַרוואַנדלט אין אַ קלויז, און די סאָלדאַטן און יעשיווע-באָכערים, מיט וועלכע יעדע פאַרטיי באַזונדער האָט געהאַלטן אין איין קנעלן איר אייגענע פּראָגראַם און אין איין פּאָרלעזן אירע טעזיסן, אין וועלכע די סאָלדאַטן האָבן, פאַרשטייט זיך, ניט געקענט זיך פּאַנאַנ-דערקלײַבן" („מאָסקווע", ז. 68).

די „קינסטלערישקײַט" פון די שול-געסלדיקע פאַרגלײַכן און אַסאָציאַציעס איז דאָ אינגאַנצן ווערט די „הויכע געדאַנקען" וועגן קאָמוניזם, און פאַרקערט — די „הויכע געדאַנקען" זײַנען דאָ ווערט די דאָזיקע פאַרגלײַכן און אַסאָציאַציעס. דאָ איז גראָד פאַרהיט די פולע מיטשטימונג פון פאָרם און אינהאַלט, מער ניט וואָס ביידע: סײַ די פאָרם און סײַ דער אינהאַלט זײַנען פונעם נאַלעווקער-שול-געסלדיקן מין. און קונסטווערק קאָנען פון דעם אַלעם ניט באַ-שאַפן ווערן.

און מיטן זעלבן קלאַפּערגעצײַג זײַנען דאָך אויך געשילדערט די „רעוואָליוציאָנערן" אין „מערי", אין „דער וועג צו זיך", אין „אָנקל מאָזעס", אין „מוטער" און אין אַשס אַנדערע ווערק...

עס וואָלט בעפּיירעש געווען אַ נעס, „אַ נעס מין האַשאָמאַיִם", ווען ש. אַש וואָלט מיט זײַן פאַשיסטישער אײַנשטעלונג און מיט זײַן שולגעסלדיקע אינסטרומענטן אויסגעבויט אַ קונסט-ווערק וועגן רע-וואָליוציע און רעוואָליוציאָנערן. די גרויסע ליגנערישקײַט און פעלשונג

פונ דער ווירקלעכקײַט האָבנ דאָ געמוזט אוועקהארגענענ דעם קינסט-
לער ביזנ סאָפֿ...

ווענ דער גרויסער בורזשואזער דיכטער אונ קינסטלער י. ל. פּערעצ
האָט זיכ גענומענ צו דער אופגאבע פונ אופרײַסנ דעם רעוואָליוציאָ־
נער אונ האָט אָנגעשריבנ „אמאָל איז געווענ א מײלעכ” אונ דער־
מיט געוואָלט בארויִקנ די צעשטרײַטע נערוונ — ווי ער אלײנ האָט
זיכ אויסגעדריקט, איז ארויסגעקומענ א געווײנלעכער אונ געמײנינ-
קער בורזשואזער פּאסקוויל אפּ דער ארבעטער-באוועגונג, קײנ קונסט
האָט זיכ דאָ ניט באקומענ.

# דער וועג פֿון א שרײַבער

(שטריכן צו דער כאראקטעריסטיק פֿון דאָוויד פּינסקיס שאפֿונג)

## I

דאָוויד פּינסקי הייבט אָן זײַן ליטעראַרישע טעטיקײַט אין ד 90־ער יאָרן (1891) פֿונעם פֿאַריקן יאָרהונדערט.

די 90-ער יאָרן זײַנען דער אָנהייב און דער אויפֿבלי פֿון דאָוויד פּינסקיס קינסטלערישער שאפֿונג. ער האָט דאן אַרײַנגעשריבן שיינע בלעטלעך אין דער געשיכטע פֿון דער יידישער ליטעראַטור. דאן, אין די 90-ער יאָרן, איז דאָוויד פּינסקי צוזאַמען מיט י. ל. פּערעצן געווען פֿון די ערשטע באַדײַטנדיקסטע שרײַבער, וואָס האָבן אַרײַנגעפֿירט אין דער יידישער ליטעראַטור פֿון רוסלאַנד דעם אַר-בעטער.

און דאָס שילדערן דעם אַרבעטער (און האָרעפּאַשניק) איז ניט בלויז געווען א נײַס אינעם זין פֿון דער טעמע, אינעם זין פֿון געשטאַלטן פֿאַר דער יידישער ליטעראַטור אין רוסלאַנד, נאָר עס האָט אויך בעפֿיירעש באַטײַט א נײַס אין זין פֿון אידייִשן אינהאַלט אין דער יידישער ליטעראַטור פֿון רוסלאַנד.

י. ל. פּערעץ זינגט דאַן וועגן די ליידן און מאַטערנישן פֿון דעם אַרבעטער-מיידל — „די נייטערן". י. ל. פּערעץ האָט אָנגעמאָלט א הויך קינסטלעריש בילד פֿון דעם לײַדנדיקן אַרבעטער־מיידל.

אים איז דאַנ ביז גאָר נאָענט געווען די דאָזיקע נייטערנ מיט אירע שווערע ליידנ.

פּערעצעס דערנעענטערונג צו דער ארבעטער-באַוועגונג אינ די 90-ער יאָרנ מיט די צילנ אויסצונוצנ די דאָזיקע באַוועגונג צוליב אייראָפּייִזירנ דאָס לעבנ אינ דער ייִדישער סוויווע, האָט אים גע-שטויסנ זיכ פאַרינטערעסירנ מיטנ לעבנ פונעמ ארבעטער-מענטש. ער שרײַבט דאַנ אָנ אַזעלכע טאַלאַנטפולע לידער אונ דערציילונגענ, ווי די שוינ פאַרצייכנטע „דרײַ נייטאָרנס", ווי „בא דער פרעמדער כופּע-קלייד", „באָנציע שווײַג", „בערל קירזשנער" אאַ.

אינ קעגנזאַצ צו די שפּעטערע „האָלצהעקערס" אונ „וואַסערטרע-גערס" פונ די כסידישע אונ פאָלקסטימלעכע געשיכטנ איז אינ דער נייטערנ, אינ באָנציענ, אינ בערל קירזשנער, אינ מעשולעכ קינסט-לעריש אָרגאַניזירט דער סאָציאַלער מאָמענט, עס זײַנענ געשילדערט שטריכנ פונ עקספּלואַטאַציע אָדער פונ א פּעאָדאַלנ שניט, אָדער פונ-נעמ אָפּגעשטאַנענעמ ק א פּ י ט א ל י ז ם.

עמעס, דאָ ווערט זיכ פאַר אונדז אנטפּלעקנ זייער א טשיקאַווער שטריכ. דער זעלבער פּערעצ, וואָס איז דאַנ געווענ פול מיט קאַמפּ דאָרט, ווו עס האָט זיכ געהאַנדלט וועגנ אייראָפּייִזירנ, ריכטיקער וועגנ בורזשואַזירנ דאָס לעבנ אינ דער ייִדישער סוויווע, דער זעל-בער פּערעצ, וואָס האָט געשטורעמט קעגנ די „שטרײַמלעכ" אונ „געמויזעכצ" — אָט דער זעלבער פּערעצ האָט נאָר געקאָנט געבנ א ק ר ע כ צ, בייס עס האָט זיכ געהאַנדלט וועגנ עקספּלואַטאַציע. ער האָט נאָר געקאָנט אָנמאָלנ א קינסטלעריש בילד וועגנ דעמ ל ײַ ד נ-ד י ק נ ארבעט-מענטש, וועגנ דעמ ל ײַ ד נ ד י ק נ ארבעט-מיידל...

אינ דעמ זינ זײַנענ פּינסקיס ארבעטער־דערציילונגענ געווענ בע־פּיירעש פּראָגרעסיווער. כאָטש אויכ פּינסקיס ווײַט גרעסטע מערהײַט דערציילונגענ פונ זײַנ בוכ „ארבעטער-לעבנ" איז מער אפ דער טעמע פונ ליידנ אונ ניט פונ קאַמפּ, זײַנענ דאָכ אינ זיי פאַראַנ געוויסע אופשטענדלערישע עלעמענטנ, עלעמענטנ פונ צאָרנ אונ פּראָטעסט...

אונ דאָס שילדערנ דאָס ארבעט־לעבנ פאַרנעמט בא פּינסקינ א סאַכ א מער באַדײַטנדיקנ פּלאַצ. אינ די 90-קער יאָרנ פונעמ פאָריקנ יאָרהונדערט גייט פּיסקינס שאַפנ קימאַט אינגאַנצנ אונטערנ צייכנ פונ

שילדערן דעם ארבעטער, דעם האָרעפּאשניק. דאָוויד פּינסקי גופינט זיך אין יענער צײַט אונטער דער ווירקונג פון דער וואקסנדיקער רעוואָליוציאָנערער באוועגונג.

דאָוויד פּינסקיס ערשטע דערציילונג, מיט וועלכער ער דעביוטירט אין ליטעראַרישן זאמלבוך „הויזפרײַנט" אין 1894 יאָר (די דערציילונג איז אָנגעשריבן סאָף 1891 יאָר), דער „גרויסער מענטשנפרײַנט" איז א שארפע און גאליקע סאטירע אף א גוויר און אפן ריבוינע־שעלוילעם.

דאָוויד פּינסקי האָט דאן אופגעכאפּט דעם זין און דעם באטײַט פון דער בורזשואזער גווירישער „מענטשנפרײַנטשאפט". אים זײַנען געווען קלאָר די ביידע פונקציעס פון דער בורזשואזער פילאנטראָפּיע — די פונקציעס פון פארשטארקן דעם אווטאָריטעט פון די עקספּלואטאטערס צווישן די עקספּלואטירטע דורך אראָפּווארפן ברעקלעך פונעם רײַכן טיש און די פונקציע פון פארוואנדלען די פילאנטראָפּישע געזעלשאפטן גופע אין רעוועכדיקע אונטערנעמונגען און געשעפטן. פּינסקיס קינסטלעריש אויג און אויער, זײַן הארץ און מויעך זײַנען דאן צוגעשמידט צו דער שוידערלעכער אָרעמקײַט, צו דער סאָציאַלער נויט און פּײַן פון די ארבעטנדיקע, זײַן דערציילונג „דאָך אמאָל געוויינט" (אָנגעשריבן אין 1894 יאָר) איז איינע פון די כאראקטעריסטישע אין דעם דאָזיקן זין. דערמאָנט זיך אָקאָרשט דאָס בילד פון בערל דעם טרעגערס ווינונג: דעם נאסן קעלער מיט די צוויי קליינע פענצטערלעך אונטערן בריק, די מעבלירונג אין בערל דעם טרעגערס ווינונג, דעם טיש מיט די צוויי אייגענע פיס און צוויי געליִענע — צוויי שײַטלעך האָלץ, וועלכע פארשווינדן גאנץ אָפט, ווען עס איז ניטאָ מיט וואָס צו הייצן" — און דאָס טרעפט זיך דאָך אזוי אָפט בא בערל דעם טרעגער; דערמאָנט זיך די בעטן, וואָס האלטן זיך באם צעשיטן, מיט די שמאטעס, וואָס בערל רופט „קישן און קאָלדרעס", די אלע בילדער שנײַדן זיך שארף אײַן אין זיקאָרן, זיי שרײַען וועגן גרויל פון ארבעטער־לעבן.

אָט דאָס שילדערן דעם שוידער פונעם ארבעטער-לעבן איז שוין אליין געווען פּראָגרעסיוו, ווײַל די אלע אָנגעמאָלטע בילדער האָבן געשריִען קעגן דער געזעלשאפטלעכער אָרדענונג, וואָס פארורטיילט

די בערלס אפ אזא טרויעריק לעבנ, דאָס האָט געשטויסנ צו מאכנ פונ זיי רעוואָליוציאָנערע אויספירנ, אויב אפילע די דאָזיקע אויספירנ זײַנענ ניט געווענ אינ די דערציילונגענ גופע.

ווײַטער גייענ בא פינסקינ דערציילונגענ דירעקט אפ דער טעמע פונ עקספלואטאציע, גײַסטיקע פארקנעכטונג פונ פראָלעטאריער. אינ דעמ זינ זײַנענ זייער כאראקטעריסטיש די דערציילונג „גוט־יאָנטעוו-בעטנ“, „אויסגעפירט“, „כאַימ מעשאָרעס“, „ערעוו יאָנקיפּער“.

טאָדרעס דער מצבֿל-הענדלער (אינ „גוט־יאָנטעוו-בעטנ“) האלט, אז ער איז ניט נאָר באלעבאָס אפנ ארבעטערס מוסקולנ, אפנ ארבעטערס קערפּער, נאָר ער איז אויכ פולער באלעבאָס אפנ ארבעטערס „נעשאָמע“. אימ, דעמ באלעבאָס, געהערט אויכ דער טאלאנט פונעמ ארבעט־מענטש. יאנקל דער „מענטש“ (דער ארבעטער) איז געצוווּנגענ פריילעכ צו מאכנ אינ די יאָנטויוימ טאָדרעסנ אונ זײַנ געזינד, אונ ווענ עס טרעפט, אז יאנקל דער „מענטש“ צעהוסט זיכ אינמיטנ זינגענ, ווערט דער באלעבאָס ביז גאָר אופגעבראכט.

„— אײַ, ביסטו א מענטש! — זאָגט דער באלעבאָס צו יאנקלענ. — מע בעט דיכ עפּעס זינגענ, פארהוסטו זיכ“.

די זעלבע פראָבלעמ פונ גײַסטיקער פארקנעכטיקונג שטעלט פינסקי אינ א גאנצער ריי אנדערע דערציילונגענ.

בא די ארבעטער הייבט אָנ וואקסנ א גרויסע סינע קעגנ דער עקספלואטאציע, קעגנ דער גײַסטיקער פארקנעכטונג. עמעס, קיינ פראָלעטארישנ באוווּסטזײַנ האָבנ נאָכ ניט פינסקיס ארבעטער, זייער סינע צומ באלעבאָס איז נאָכ סאָציאַל ניט קיינ באזיניקטע. די פראָלעטאריער פונעמ דאָזיקנ מינ דערציילונגענ זײַנענ נאָכ דערווײַל בלויז „א קלאס קעגנ אנדערע קלאסנ“. קיינ „קלאס פאר זיכ“ זײַנענ זיי נאָכ ניט. די שטרעבונג ארויפצוווארפנ דעמ יאָכ פונ עקספלואטאציע איז נאָכ בא די ארבעטער ניט קיינ סאָציאַלע אינ ברייטנ זינ פונ וואָרט. מוישע אונ זײַנ פרוי („אויסגעפירט“) טרוימענ נאָכ ווענג דעמ, וויאזוי ווערט מענ אויס „מענטש“, דה. אויס פראָלעטאריער, קעדיי אפ אזא אויפנ זיכ באפרײַענ פונ די מאטערנישנ אונ פלאָגענישנ, וואָס זײַנענ פארבונדנ מיטנ זײַנ א פראָלעטאריער, כאַימ מעשאָרעס טיפסטער פארלאנג איז, אז זײַנע קינדער זאָלנ שוינ קיינ

מעשאָרסים ניט זײַן, און דאָס הייסט בא כאַימען, אז זיי זאָלן שוין קיין ארבעטער ניט זײַן. „מײַנע סאָנים... זאָלן זײַן מעשאָרסים... קאָ־טאָרגע איז דאָס... ערגער פאר קאטאָרגע"... כאַים מעשאָרעס טרוימט וועגן דעם, אז זײַנע קינדער זאָלן זיך ארופדראפּעַן אפ „העכערע" שטאפּלען פונעם סאָציאַלן לייטער.

שימען פון דער דערציילונג „א פארפאלענער" האָט אויך ליב צו טרוימען וועגן דעם, אז זײַנע „קינדער וועלן קיין שנײַדער ניט זײַן, זיי וועלן אלע שטודירן". „מיר וועלן זײַן גווירים".

פינסקיס פראָלעטאריער ליידן נאָך אפ פיל פאָרורטיילן פון די פרעמדע קלאסן. זיי הייבן שוין אָן צאָרענען, פראָטעסטירן, אָבער זייער צאָרן און פראָטעסט זײַנען געזעלשאפטלעך ניט באזיניקט. זיי טראכטן ניט וועגן ענדערן די לאגע פון די פראָלעטאריער (דער פראָלעטאריער קאָן נאָר זײַן אין דער מאדרייגע פון א מעשאָרעס, פון א „מענטש" — זײַנען טיפּ איבערצײַגט פינסקיס ארבעטער). זיי האָבן נאָך ניט קיין שום פאָרשטעלונג וועגן ענדערן די גאנצע גע־זעלשאפטלעכע אָרדענונג, נאָר זיי טראכטן אָפטער, וויאַזוי ארויס־צוכאפּן זיך פון דער ארבעטער-סוויווע און אפ אזא אויפן באפרײַען זיך פון צו זײַן א „מענטש", א מעשאָרעס. טיפּן פון עטוואָס מער רײַפערע ארבעטער זײַנען ארויסגעפירט אין דער דערציילונג „ערעוו יאָנקיפּער". די קלאסן-ווידערשפּרוכן זײַנען דאָרט מער פארשארפט. אָבער דער פּראָטעסט איז נאָך אויך גענוג פּרימיטיוו, ער דריקט זיך אויס אין געצלס פארשײַטקייט, אין געצלס כויזעק מאכן פונעם באלעבאָס. ווײַטער גייט עס ניט, די עלטערע ארבעטער פילן דאפקע די בלוטיקע אוולע, וואָס רעב עליע דער טוך-פאבריקאנט באגייט קעגן זיי אפילע דאן, ווען ער „גרייט זיך ערלעך פאנאנדערצאָלן זיך מיט זײַנע ארבעטער לעקאָוועד יאָנקיפּער". אָבער מער ווי א קרעכץ האָבן זיי ניט קעגן רעב עליען.

אָבער גופע די אומצופרידנקײַט, דער צאָרן, די טײַנע פאר דער פיזישער און גײַסטיקער עקספּלואטאציע זײַנען געווען דאן פּראָגרעסיווע סימפּטאָמען, עס האָט באטײַט, אז די פּראָלעטאריער יאנקל, מוישע, געצל, כאַים מעשאָרעס הייבן אָן פארוואנדלט ווערן פון „א קלאס קעגן אנדערע קלאסן" אין „א קלאס פאר זיך", זיי

וועלנ זיכ גאנצ שנעל איבערצייגנ, אז ארויסכאפנ זיכ פונ דער ארבעטער-סוויווע, ארופדראפנ זיכ אפ „העכערע“ שטאפלענ פונעמ סאָציאַלנ לייטער, גיינ אפ דראבקינס (אינ דער דערציילונג „דראבקינ“) וועג — איז אומעגלעכ פאר דער גרעסטער מאסע פראָלעטאריער, נאָר אייניצלנע געלינגט עס. אונ ווענ זיי וועלנ עס פארשטיינ, וועלנ זיי ווענדנ זייער צאָרנ, פּראָטעסט, די גרויסע טיינע פאר דער פיזישער אונ גייסטיקער עקספּלואטאציע אינ דער ריכטונג פונ ענדערנ די לאגע פונ די פּראָלעטאריער אלס קלאס, אינ דער ריכטונג פונ ענדערנ די גאנצע געזעלשאפטלעכע אָרדענונג, וואָס איז געבויט אפ פיזישער אונ גייסטיקער עקספּלואטאציע.

צו דעמ האָט פינסקי ניט געפירט זיינע פערסאָנאזשנ, ערגער איז אָבער נאָכ דאָס, וואָס די גרויסע אומצופרידנקייט, די טינע קעגנ דער עקספּלואטאציע, איז דערווייל נאָכ שטארקער באמ ארבעטערס פרוי, באמ ארבעטערס קינד, ווי בא דעמ ארבעטער אלייננ. מוישעס פרוי („אויסגעפירט“) הייבט דאָכ אופ דעמ שטורעמ קעגנ באלעבאָס, וואָס עקספּראָפּריירט פאר זיכ מוישעס טאלאנט. מוישע איז גיכער גענייגט אויסצופילנ אלע פארלאנגענ אונ קאפּריזנ פונעמ באלעבאָס, נאָכ מער איז עס צו זענ אינ דער דערציילונג „כאימ מעשאָרעס“: דער באלעבאָס גרינפעלד איוזיעקעוועט זיכ איבערנ מעשאָרעס. ער צווינגט אימ זיינ אינ קלייט דאנ, ווענ די פאמיליע-אינטערעסנ פונעמ מעשאָרעס פאָדערנ אומבאדינגט, אז ער זאָל אפ א צייט אהיימ גיינ. אלייננ כאימ האָט נאָכ ניט קיינ מוט צו מעלדנ הויכ אונ שטארק וועגנ זיינע רעכט, די רעכט פונ אנ ארבעט-מענטש, ער שטאמלט בלויז „באלעבאָס... הער גרינפעלד... מיינ טאָכטער... הער גרינפעלד... מיינ טאָכטער... מיינ ווייב...“ ערשט מיט זיינ מיידעלע, מיט ריווקעלענ, פילט ער זיכ שטארקער קעגנ גרינפעלדנ. זי, דאָס מיידעלע, האָט ניט די אלע פאָרורטיילנ פונ קנעכטשאפט, פונ האכנאָעדיקייט, וואָס די באלעבאטימ האָבנ אינ מעשעכ פונ דורעס איינגעבילדעט בא די כאימס. זי צאָרנט, זי פארקריצט די ציינ, זי פּראָטעסטירט, אונ כאימ מעשאָרעס דערשרעקט זיכ אפילע פאר דער האָזע פונ זיינ טאָכטער — „זי רעדט שוינ צו האָזעדיק,“ — האָט ער געטראכט, אונ עס האָט שוינ אימ פארדראָסנ,

וואָס ער האָט זי „די האָזעניצע, געשיקט", — איז עסווידער א מאָדרייגע פונ קנעכטשאפט, פונ געפּאָלגטקײַט באם מעשאָרעס.

אינ ריווקעלעס ברוסט גרינט שוינ פונ קינדוויַיז אופ די קלאסנ־סינע. אונ צוזאמענ מיט דער קלאסנ־סינע גייט אופ בא איר דער קלאסנ־שטאָלצ, אנדערש קלינגט שוינ בא איר „פאר קיינ געלט וואָלט איכ קיינ מעשאָרעס ניט געווענ". א שרײַבער מיט א רײַפערנ קלאסנ־באוווסטזײַנ וואָלט פונ ריווקעלענ געקענט אויסקנעטנ זייער א אינטערעסאנטע רעוואָליוציאָנערע פיגור.

★

לענינ האָט אונדז געלערנט, אז די ארבעטער לײַדנ ניט בלויז פונ קאפיטאליזמ, נאָר לײַדנ נאָכ מער פונ ווייניק אנטוויקלטנ קאפיטאליזמ. לייענט מענ זיכ אײַנ אינ פינסקיס ארבעטער־דערציילונגענ, קוקט מענ זיכ אײַנ אינ פינסקיס געשילדערטער סוויווע, זעט מענ, אז די דאָזיקע גרויסע פיזישע אונ גײַסטיקע עקספּלואטאציע, דער גרויסער עלנט אונ די שוידערלעכע אָרעמקײַט בא די ארבעטנדיקע שטאמענ טאקע אויכ דערפונ, וואָס די אלע ארבעטער אונ האָרעפּאשניקעס לעבנ אינ א ווייניק אנטוויקלטער קאפיטאליסטישער סוויווע. דער שוידער אונ גרויל פונ „געוויינלעכנ" קאפיטאליזמ ווערט נאָכ שטארקער דערפונ, וואָס דער קאפיטאליזמ איז נאָכ אנ אָפּגעשטאנענער, א ווייניק אנטוויקלטער.

די אלע דערציילונגענ פינסקיס באציִענ זיכ דאָכ צו די 90־ער אונ צו די נאָכ פריִעריקע יאָרנ פונעמ פאָריקנ יאָרהונדערט. אונ די האנדלונג קומט פאָר אינ די אָפּגעשטאנענסטע טיילנ פונ דער געוועזענער רוסישער אימפּעריע.

אינ די קליינע ווארשטאטלעכ, אינ די קוסטארישע, אינ טאָכ גענומענ, אונטערנעמונגענ, נעמט אָנ די עקספּלואטאציע די סאמע העסלעכסטע פאָרמענ. די רימענס פונ דער עקספּלואטאציע שנײַדנ זיכ אײַנ נאָכ שארפער אונ ווייטעקדיקער אינ די לײַבער פונ די ארבעטער, די פערזענלעכקײַט פונעמ פּראָלעטאריער ווערט נאָכ מער צעטראָטנ אונ צעקוועטשט.

אינ דער גרויסער קאפיטאליסטישער טעקסטיל־פאבריק איז שוינ

די זאָקנמאכערנ לעכאָלאפאָכעס קיינ דינסט ניט געווענ. אינ דער גרויסער קאפיטאליסטישער אונטערנעמונג האָבנ שוינ די יאנקלס אונ מוישעס ניט באדארפט גיינ פריילעכ מאכנ זייערע באלעבאטימ אונ ניט געצווונגענ געווענ אופצונעמענ די באלעבאטימ בא זיכ אינ דער היימ אינ יאָנטויווימ-טעג. אינ די גרויסע קאפיטאליסטישע אונטער־נעמונגענ האָבנ שוינ די ארבעטער הילכיקער געמאָלדנ וועגנ זייערע רעכט אלס ארבעט-מענטשנ, דער אָרגאניזירטער ווידערשטאנד פונ די ארבעטער קעגנ די אונטערנעמער איז דאָרט געווענ א שטארקערער אונ אייַנגעשפארטערער. אויב אינ די גרויסע פאבריקנ „ווערט דער דרוק פונעמ קאפיטאל איבער דער ארבעט דערפירט ביזנ העכסטנ גראד", האָבנ אָבער די זעלבע „גרויסע פאבריקנ באשאפנ א באזונדערנ קלאס ארבעטער, וואָס באקומט די מעגלעכקייַט צו פירנ דעמ קאמפ קעגנ דעמ קאפיטאל". די גרויסע פאבריקנ „האָבנ באהעפט די מאסנ פונעמ ארבעט־פאָלק" (לענינ, I באנד, ז. 425).



פונ דעמ ערשטנ פעריאָד פונ פינסקיס שאפונג לוינט זיכ נאָכ באזונדער אָפשטעלנ אפ דער דראמע „אייַזיק שעפטל", אָנגעשריבנ אינ 1899, ערעוו פינסקיס אָפפאָרנ אינ די פאריייניקטע שטאטנ פונ אמעריקע, וואָס פאלט צונויפ מיט פינסקיס אָפקער פונ דער ארבעטער-באוועגונג.

די דראמע „אייַזיק שעפטל" האָט צו טאָנ מיט די מאטערנישנ אונ ליידנ פונ ארבעטער־דערפינדער. אינ דעמ פראָלעטאריער אייַזיק שעפטל איז פארבאָרגנ א גרויסער דערפינדערישער טאלאנט. בא א טונקעלנ פארויכערטנ לאָמפ זיצט דער ארבעטער אייַזיק שעפטל גאנ־צע נעכט אונ מייַסטרעוועט מאשינעס-מאָדעלנ פאר דער אונטערנע־מונג, ווו ער ארבעט. ער האָט שוינ דערפונדנ א פרעס אונ א מא־שינ אפ שלייַפנ לעכלעכ פאר שפאָט ביליק, האָט זיי אָבער צוגענומענ זייַנ באלעבאָס גאָלדינ אונ עקספלואטירט זיי. אייַזיק שעפטל זיצט איצט ווידער נעכט אפ א נייַער דערפינדונג, אָבער די אָרעמקייַט, דער דאלעס דריקט, קוועטשט, אונ וועגנ דעמ דערמאָנט זייער הויכ אונ שטארק די פרוי ביילע. דער באלעבאָס גאָלדינ פאָדערט כוצפעדיק

פונ אײַזיק שעפטלענ, ער זאָל באנאכט ארבעטנ אפ זײַנע דערפינ־
דונגענ אונ באטאָג זאָל ער ארבעטנ אינ ווארשטאט. אלצ צווינגט
אײַזיק שעפטלענ זיכ אָפצוזאָגנ פונ זײַנע דערפינדערישע אידייענ.
אונ דאָ הייבנ זיכ אָנ אײַזיק שעפטלס לײדנ, זײַנע מאטערנישנ. ארומ
אונ ארומ כויזעקט מענ פונ אימ אונ פונ זײַנע מאשינקעס. אונ עס
כויזעקנ ניט בלויז דער באלעבאָס גאָלדינ מיט זײַנ זינדל, נאָר אויכ
אפילע די מערהײַט ארבעטער פונ זײַנ ווארשטאט. זיי אלע באטראכטנ
אײַזיק שעפטלס דערפינדערישע אידייענ פאר מעשוגאס. אויסטראכטנ
מאשינעס, דערפינדערישקײַט—דאָס איז דאָכ אנ איניענ פאר דעמ
באנקיר מאגידסאָנס זונ „ער איז א אינזשעניער, האָט זיכ געלערנט
אינ מאָסקווע“. אײַזיק שעפטלס דערפינדערישע אידייענ, זײַנע מא־
שינעס זײַנענ נאָכ דערווײַל א בייזווונדער פאר אלעמענ אינ וואר-
שטאט. אפילע די פראָלעטאריער, וואָס האָבנ מיטלייד פאר אײַזיק
שעפטלענ, אפילע די לייוויקס האָבנ גרויסע טײַנעס צו אימ, אלעמײַ
ער דערשטיקט ניט אינ זיכ זײַנ טאלאנט. אָט דערציילט לייוויק וועגנ
זײַנע נייגונגענ אונ ציִענישנ צו מאָלערײַ: „אינ דער היימ אונ אינ
כיידער פלעגט מענ מיכ שלאָגנ מאקעס אכזאָריעס דערפאר, ווײַל איכ
האָב גאָרניט געטאָנ אונ נאָר געמאָלט. אז מע האָט מיכ אוועקגעגעבנ
צו א שמוקלער, האָב איכ געוויינט... אונ איצט נאָכ, אז איכ זע
אמאָל א גוט בילד, ווערט מיר אזוי אומעטיק. עס זיצט עפעס אינ
מיר אונ ציט אונ ציט... ניינ, אנ אנדערשמאָל, ווענ איכ זיצ אזוי
אונ טראכט, וואָלט זיכ מיר געוואָלט אזוי מאָלנ“...

אונ דאָכ האָט ער דערשטיקט אינ זיכ דעמ טאלאנט אונ גרויסט
זיכ אפילע דערמיט פאר אײַזיק שעפטלענ: „זעסט דאָכ, אונ פונ-
דעסטוועגנ גאָרניט, ציט, ציט ביז עס הערט אופ. מע דארפ דאָכ
זײַנ א מענטש“.

אײַזיק שעפטל ווארפט זײַנ דערפינדערײַ. אָבער ער קענ בע-
שומויפנ ניט שאָלעמ מאכנ מיט דער דאָזיקער לאגע. ער פרוווט
לעכאטכילע פארטרינקענ זײַנ גרויסנ ווייטעק, אָבער עס העלפט ניט.
טיפ פונ זײַנ ברוסט רײַסט זיכ א געשריי: „מיר איז שווער, מיר
איז שווער“. אונ זײַנ ווייטעק לאָזט פינסקי נאָכאמאָל אופשטורמענ
אינ א סאָציאל ניט-באזיניקטער ריכטונג. אײַזיק שעפטל צעברעכט דעמ

פרעס, די שלייפ־מאשינעס, וואָס ער אַליין האָט דערפונדן, איַיזיק שעפטל גיסט אויס זײַן האס צום באַלעבאָס דורך א זעץ אין שויב. און נאָך דעם דאָזיקן צאָרנדיקן אויסברוך, וואָס איז גיכער א רעזולטאט פון גרויסער פארצווייפלונג, ווי פון פראָטעסט, קלאסנבאַוווסטזיניקן פראָטעסט קעגן דער געזעלשאפטלעכער סיסטעם, וועלכע דערדריקט און צעקוועטשט די שעפערישע פראָלעטארישע פערזענלעכקייט — נאָך דעם דאָזיקן צאָרנדיקן אויסברוך געפינט איַיזיק שעפטל אן „אויסוועג“. ער באַרויִקט זיך מיט דער הילף פונעם ארשעניק, וואָס איז געווען אָנגעגרייט פאר די מייַז. און אזוי ענדיקט פינסקי די טראגעדיע וועגן אן ארבעטער א דערפינדער.

עס איז, דאכט זיך, איבעריק צו קאָמענטירן, אז אין דער דאָזיקער דראמע פינסקיס—די גרעסטע אין פארגלייַך מיט אלע זייַנע שפעטערדיקע רעאקציאָנערע נאציאָנאליסטישע דראמעס — שטעלט פינסקי די פראָבלעם פון ארבעטער-דערפינדערײַ און גיט אפ איר אן ענטפער, אז אין די באדינגונגען, ווען דער פראָלעטאריער איז א לוין־שקלאף, קען זיך זייַן טאלאנט ניט צעבליִען. ער ווערט געווינלעך צעטראָטן פון די שווערע לעבנס-באדינגונגען. און פונדאנען שטאמען די מאטערנישן און ליידן. און דאָך איז געקומען דער בורזשואזער ליטעראטור־קריטיקער באלמאכשאָוועס און האָט וועגן דער דראמע פון ארבעטער-דערפינדער אָנגעשריבן אָט וואָס:

„ניט אויסערע ליידן צווינגען איַיזיקן צו נעמען גיפט אין לעצטן אקט, נאָר א טיפער אינווייניקסטער שמערץ, פון וועלכן מייַן קלאס איז ניט באשיצט, כאָטש אין יעדן קלאס נעמט דער שמערץ אָן אנדערע פאָרמען“. (באלמאכשאָוועס, געקליבענע שריפטן, ב. 1, ז. 152, מײַן אונטערשטרייַכונג.— ש. ק.) דער קאפיטאליזם און זייַן אומדערטרעגלעכער דרוק האָבן דאָ אזויארום גאָרניט צו זאָגן.

דער זעלבער באלמאכשאָוועס איז אָבער אויך, ווי באוווסט, א ציִעניסט, פרווט ער פארוואנדלען די דראמע פון אן ארבעטער א דערפינדער אין א ציִעניסטישער דראמע. פינסקי, שרייַבט באלמאכשאָוועס, „איז געקומען צו דער אייגענער פראָבלעם, וועלכע באשעפטיקט איצט אונדזערע בעסטע, נאציאָנאל־געזונטע שרייַבער,—

צו דער פּראָבלעם וועגן דעם: צי קען דער קראַנקער ייִדישער קלאַס אַרויסגעבן אַ שעפערישן יאָכיד, צו דער פּראָבלעם וועגן דער שעפערישער ייִדישער פּערזענלעכקייט" (דאָרט, ז. 153, פון מיר אונטערגעשטראָכן. —ש. ק.)

איז שוין די דראַמע פון אײַזיק שעפטל גאָר געוואָרן אַ דראַמע פון דער „שעפערישער ייִדישער פּערזענלעכקייט", אַן אויסגעשפּראָכן סאָציִאַלע דראַמע וויל באַלמאַכשאָוועס פּאַרוואַנדלען אין אַ נאַציאָ-נאַליסטישער.

## II

דאָוויד פּינסקי געפינט זיך דאַן אין לאַגער פון די אַר-בעטנדיקע. ער שילדערט רעאַליסטיש, מער נאַטוראַליסטיש דעם גרויל פון אָרעמקייט, דעם פּײַן אין דער אַרבעטער־סוויווע. אָבער דאָוויד פּינסקי איז באַזונדער פּילבאַר צו די אָפּגעשטאַנענע טיילן פונעם אַרבעטער-קלאַס, צו די רעזערוון, אַזוי צו זאָגן. דאָוויד פּינ-סקי איז באַזונדער פּילבאַר צו דעם סאָציִאַל ניט-באַזיניקטן פּראָטעסט, צו דעם צאָרנדיקן אויסברוך בײַ די אַרבעטער. עס איז ניט קיין פּאַשעטע אָפּשפּיגלונג, קיין פּאַשעטע שילדערונג פונעםווירקלעכן צושטאַנד, פונעם ווירקלעכן סאָציִאַלן באַוווּסטזײַן בײַ ברייטע שיכטן אַרבעטער אין יענע יאָרן (90־קער יאָרן און נאָך פריִער). פּינסקי איז גענייגט צו פאַרנעמען זיך מיטן סאָציִאַל ניט־באַזיניקטן פּראָ־טעסט, מיטן קרעכץ און צאָרן דערפאַר, ווײַל פּינסקין איז פיל נענטער געווען אָט דער דאָזיקער מין פּראָטעסט און צאָרן, ווי יענער, וואָס איז געווען בײַ ווינטשעווסקין און אַפילו בײַ זונדעלע־וויטשן און ליבערמאַנען. רעאַל זײַנען געווען אין די 90־קער יאָרן ניט נאָר די אײַזיק שעפּטלס, די יאַנקלס, די מוישעס, די כאַיִמס, רעאַל זײַנען שוין דאַן אויך געווען די רעוואָלוציאָנערע קעמפער קעגן קאַפּיטאַליזם, די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציאָנערן. די 90־קער יאָרן זײַנען דאָך יאָרן, ווען די לופט עטעמט שוין מיטן באַוווּסט־זיניקן רעוואָלוציאָנערן אַרבעטער-קאַמף.

דער פּראָטעסט, דער רעוואָלוציאָנערער קאַמף קעגן דער קאַפּי־טאַליסטישער סיסטעם איז דאַן שוין אַ שטיק רעאַלע ווירקלעכקייט,

אָבער ניט צו די רעוואָליוציאָנערע קעמפער, ניט צו די באוווסטזיניקע פראָלעטאריער איז געווענדט פינסקיס קינסטלערישע אופמערקזאמקייט. פונ די דאָזיקע פראָלעטאריער שטייט פינסקי אויכ דאנ אפ א גאנצ היפשער אידעאָלאָגישער דיסטאנצ. פינסקיס סאָציאליזמ איז נאָכ זייער אונ זייער ניט קיינ רייפער. ער שטייט נאָכ אייגנטלעכ אפנ גרענעצ פונ אופקלערעריי אונ סאָציאליזמ.

אינ 1893 יאָר שרייבט פינסקי אָנ אנ אופקלערערישע דערציילונג „שלוימע". דער אלטער רייכער ייִד רעב שלוימע באקאָנט זיכ צופעליק מיט נאטורוויסנשאפט, געאָגראפיע אונ אנדערע וויסנשאפטנ. זיינ פארצייטיקער בעסמעדרעש-באוווסטזיינ הייבט זיכ אָנ וואקלענ אונ ברעכט זיכ אינגאנצנ איינ. אונ דער דאָזיקער געשעפט-ייִד ווערט א פראָפאגאנדיסט פונ די נייע רעוואָליוציאָנערע אידייענ, ער ווערט א וועלט-אויסבעסערער. — א טיפיש אופקלערערישע געשיכטע. שלוימע מיינט, אז מע דארפ בלויז אופקלערנ דעמ אוילעמ, מאכנ אימ געבילדעט אונ דאנ וועלנ מיטאמאָל פארשווינדנ אלע סאָציאלע אומגליקנ פונ דער וועלט. די לעצטע ווערטער, וואָס רייסנ זיכ ארויס פונ זיינ שטארבנדיקער ברוסט צו די ארבעטער, זיינענ: „קינדער...לעב טיי... ערע... ארבעט... נאָר ערלעכ... אונ לערנט... זיכ!.. אלצ וועט... דעמלט... זיינ... גוט... אלע גליק...ל..." (פינסקי, „געקליבענע ווערק", קיִעוו, 1930, ז. 191). דאָס וואָרט „גליקלעכ" ווערט שוינ ניט ארויסגערעדט, ווייל „א זיסער שמייכל האָט באדעקט זיינע ליפנ, אונ רעב שלוימע איז געשטאָרבנ" (דאָרט, ז.191).

„עמעצנ נוצנ ברענגענ — הייסט מאכנ אינ יענעמס לעבנ א שינוי צומ גוטנ אונ „דאָס קאָנ מענ דערגרייכנ, מאכנדיק א מענטשנ וויסנד, געלערנט" — אזא איז שלוימעס פילאָסאָפיע (דאָרטנ, ז.170). שלוימע דריקט באשטימט אויס דעמ שרייבערס אידייענ אינ דער דאָזיקער דערציילונג. אגעוו, די דאָזיקע דערציילונג איז זייער כאראקטעריסטיש דערמיט, וואָס שלוימעס צוהערער זיינענ בלויז ארבעטער. (אנדערע שיכטנ זיינענ טויב צו שלוימעס אופקלערערישער פראָפאגאנדע).

דער אופקלערער טרעט נאָכ בולטער ארויס אינעמ פעליעטאָנ „מא נישטאנע?" (וואָס האָט זיכ געענדערט?), וואָס פינסקי דרוקט אָפ

אין דעם ערשטן „יאָנטעוו־בלעטל״ (1895 יאָר). אין דעם דאָזיקן קינסטלערישן פעליעטאָן באשטייט פינסקי אפ דעם, אז דאָס גאנצע בייז, וואָס איז פאראן אין לעבן, נעמט זיך דערפון, וואָס דער מענטש איז פארשקלאפט בא דער געווינשאפט, די גאנצע קנעכט־שאפט און עקספלואטאציע האלטן זיך אפ געווינשאפט. און פינסקי ברענגט „באווייזן״. „די נעגערס אין אמעריקע שלאָגן זיך אויך קעגן די באפרייער, צוליב דער געווינשאפט זיין פארשקלאפט״, „אונדזער פויער בענקט אויך נאָך די אלטע צייטן״, און אפילע „דעם ארעסטאנט קומען אמאָל די טרערן אין די אויגן ארייַן באם באפרייען. אים איז שווער צו שיידן זיך מיט דער פינצטערער קאמער, ווי ער האָט א סאך און עפשער די בעסטע פון זיינע יאָרן פארלאָרן״ („יאָנטעוו-בלעטלעך״, „לעקאָוועד פייסעך״, ז. 5) און קעגן די דאָזיקע שלעכטע געווינשאפטן איז פאראן איין גוטע רעפוע — אויפקלערונג. מע דארף אויפקלערן דעם אמעריקאנער נעגער, דעם רוסישן פויער, דעם ארעסטאנט, אז דאָס זיינען שלעכטע שקלאפישע געווינשאפטן, און אפ דער ערד וועט אויפשיינען די זון פון פריי־הייט. די אויפקלערערישע סאָציאַליסטן האָבן ניט געקאָנט פארשטיין, אז קנעכטשאפט און עקספלואטאציע עקזיסטירן ניט איבער דעם, וואָס מענטשן זיינען אומוויסנד, וואָס מענטשן האָבן שלעכטע געוויני־שאפטן, נאָר אז מענטשן זיינען אומוויסנד, מענטשן האָבן שלעכטע שקלאפישע געווינשאפטן איבער דעם, וואָס ס'עקזיסטירן קנעכטשאפט און עקספלואטאציע.

פינסקי דיכטעט דאן אויס מאָטיוון פון ארבעט ביכלאל. אין ראָמאן „א סאָפ״ (געדרוקט אין די „יאָנטעוו־בלעטלעך״, 1895 יאָר) ווערט באשריבן, ווי גנענדל, די יינגסטע טאָכטער פונעם קליינעם גאלאנטעריי-קרעמערל, ווארפט די עלטערן און ווערט אן ארבעטערן,— פארדינט די ערשטע פערציק קאָפעקעס און איז פארכאפט פון אן אויסערגעוויינלעכער פרייד. און דער אויטער פונעם ראָמאן „א סאָפ״ טיילט צוזאמען מיט דעם דאָזיקן יונגן מיידל דעם פאטאָס פאר די ערשטע זעלבשטענדיק-פארדינטע פערציק קאָפעקעס. די ערשטע פאר־דינטע פערציק קאָפעקעס זיינען א סימבאָל פון זעלבשטענדיקייט.

אים, פינסקין, אינטערעסירט זייער שארף די פראגע פון

זעלבשטענדיקײַט. די באַלעבאַטים בארויבנ בא די ארבעטער זייער זעלבשטענדיקײַט. די ארבעטער ווערנ פארוואַנדלט אינ „מענטשנ", זײַנענ ניט קיינ באַלעבאַטים איבער זיכ, איבער זייערע מוסקולנ, איבער זייער „נעשאָמע". דער קאמפּ דארפ, לויט פינסקינ, גיינ פאר מאכנ די ארבעטער זעלבשטענדיק; אונ דעמ קאמפּ פאר דער זעלב־שטענדיקײַט פונ דער ארבעטער־פערזענלעכקײַט פארבינדט ד. פינסקי זייער שלעכט מיטנ קאמפּ פאר ענדערנ די גאנצע געזעלשאפטלעכע אָרדענונג. עמעס, פינסקי סימפאטיזירט ניט מיט יענע, וואָס ווערנ זעלבשטענדיק דורכ ארויסכאפּנ זיכ אינגאנצנ פונ דער ארבעטער־סוויווע (דראבקינ), אָבער בא פינסקינ איז נאָכ גאנצ שטארק די אילוזיע, אז דורכ אופקלערונג, דורכ בילדונג וועט די ארבעטער־פערזענלעכקײַט זיכ דערשלאָגנ צו זעלבשטענדיקײַט.

פינסקיס סאָציאַליזמ איז אזויארומ היפּש פארפלעקט מיט עפּי־גאָנישער אופקלערערײַ. אונ ניט נאָר מיט אופקלערערײַ.

בא פינסקינ איז דאָ א דערציילונג „צוויי וועלטנ". אָנגעשריבנ אינ 1897 יאָר, איז זי זייער כאראקטעריסטיש פאר די שטימונגענ, מיט וועלכע פינסקי הייבט זיכ צו יענער צײַט אָנ ארומצוטראָגנ. בינ־יאָמינ, דער לערער מיט די מאָדערנע אידייענ, זאָגט זיכ אָפּ אויסצופילנ די באקאָשע פונ דער שוויגער זײַנער צו טויוולענ די קיילימ. דער שוויגער פארשאפט דער דאָזיקער אָפּזאָג גרויס אגמעס־נעפעש. אונ פינסקי שילדערט בינ־יאָמינענ, ווי א מענטשנ, וועמענ עס זײַנענ פרעמד מענטשלעכע ליידנ בייס לייע, די פרוי זײַנע, (אויכ מיט „מאָדערנע אידייענ"), האָט פילט אויס די באקאָשע פונ דער אלטער, ווערט געשילדערט, ווי אזא, וואָס איז פילבאר צו מענטשלעכע ליידנ. דער אײַדעמ איז שטרענג, קאָנסעקווענט, אָבער קאלט ווי אײַז, אונ ניט צו אימ איז געווענדט פינסקיס ליבע, סימ־פאטיע, קורצ: „צוויי וועלטנ" שטרעקנ זיכ אויס די הענט. דער אָפּאָר־טוניזמ טרעט דאָ שוינ גאנצ בולעט ארויס.



בא א צענדליק יאָר האָט זיכ פינסקי באשעפטיקט אינ זײַנ קינסטלערישנ שאפנ מיט געשטאלטנ פונ דער ארבעטער־סוויווע. פונ

דער האָרעפּאשנער סוויווע, די פּראָלעטאריער, מיט וועלכע פּינסקי באשעפטיקט זיכ, האלטנ ערשט אינ ווערנ קעמפער, זיי מאכנ ערשט די ערשטע, גאנצ אָפט ניט-דרייסטע טריט אפנ וועג צומ קאמפ קעגנ זייערע אונטערדריקער. צו די דאָזיקע פּראָלעטאריער האָט פּינסקי, דער קליינבירגערלעכער רעוואָלוציאָנערער אינטעליגענט אינ יענעמ פּעריאָד (90־ער יאָרנ), פולע סימפּאטיע. וועט אָבער דער פּראָלעטא־ריער שוינ ווערנ א קעמפער, וועלנ זיכ אָבער די קלאסנ-שלאכטנ צעפלאקערנ, וועט דער לאָזונג פונ סאָציאַלער רעוואָלוציע ווערנ א קאָנקרעטער, וועט זיכ דערנענטערנ די ערשטע גרויסע רוסישע רעוואָלוציע — דער פּראָלאָג צומ אָקטיאבער, דעמלט וועט פּינסקי זיכ אָפּקערנ פונעמ פּראָלעטאריאט, ער וועט אימ פאראטנ.

פּינסקי איז געווענ נאָענט צומ פּראָלעטאריאט אינ א פּעריאָד, ווענ די קלאסנ-שלאכטנ זײַנענ נאָכ געווענ פארהעלטנמעסיק שוואכ פאנאנדערגעוויקלט. ער איז געווענ נאָענט אינ א פּעריאָד, ווענ עס איז געגאנגענ די צוגרייטונג צו די קומענדיקע פאנאנדערגעוויקלטע שלאכטנ. דאנ איז ער מיטגעגאנגענ מיטנ פּראָלעטאריאט (מיט די רע־זערוונ פונעמ פּראָלעטאריאט אונ ניט מיט די אוואנגארד-טיילנ). דאָס איז געווענ אינ דעמ ערשטנ צענדליק יאָר פונ זײַנ שאפנ — אינ די 90-ער יאָרנ.

## III

נאָכ „אײַזיק שעפטל" (1899 יאָר) ווארפט פּינסקי ביכלאל די אר־בעטער־טעמאטיק („איסאק פּיניעוו" אונ אנדערע קלענערע דערציילונ־גענ זײַנענ אנ אויסנאמ). פּינסקי האלט, אז ער האָט שוינ „וועגנ דעמ ארבעטער אלצ געזאָגט, וואָס ער האָט געהאט צו זאָגנ". פּינס־קי נעמט זיכ שוינ דאנ צו אנדערע מאָטיוונ: מאָטיוונ פונ ליבע, איינזאמקײַט, נאציאָנאלע געשיכטע אאוו. די רעאקציאָנערע אידייענ פּינסקיס קריגנ זייער אויסדרוק אויכ אינ אנדערע טעמעס, אינ אנ־דערע געשטאלטנ. די האנדלונג קימאט אינ אלע פּינסקיס דראמעס קומט שוינ פאָר אינ דער בורזשואזער סוויווע, אינ דער סוויווע פונ „גרויסע" ייִדנ — דער „פרעמדער", „דער שטומער מאָשיִעכ".

אינ דעמ זינ איז זייער כאראקטעריסטיש פּינסקיס איינאקטער „גליקפארגעסענע", אָנגעשריבנ אינ 1904 יאָר. דער איינאקטער הייבט

זיכ אָנ מיט א בילד אינ פאניע סעגאַלס וואַרשטאט: עס זיצנ בא די מאשינעס נייטערנס אונ זינגענ אויס זייער סאָציאַלנ פּײַנ. אָבער פינסקי פארקערעוועט באַלד די גאַנצע „דראמע" אפ די „טיפע" איבערלעבונגענ פונ דער וואַרשטאַט-אייגנטימערנ פאניע סעגאַל. פאניע סעגאַל ווערט שוינ איצט ארויסגעפירט ניט ווי א טאָדרעס („גוט-יאָנטעוו-בעטנ"), ניט ווי א רעב עליע („ערעוו יאָנקיפּער"), ניט ווי א גאָלדינ („אײַזיק שעפטל"), נאָר ווי אזא, וואָס „לײַדט", וואָס ברענגט זיכ פאר „א קאָרבנ" פאר דער שוועסטער אונ ווערט פונ דער זעלבער שוועסטער אָפּגענארט (די שוועסטער אָלגא, די מאָלערנ, נעמט איזעק בא פאניענ איר געליבטנ בערמאנ), אונ דאנ, ווענ עס ווערט פאר פאניענ קלאָר דער שוועסטערס „פאראַט", ווערט זי „מיד פונ גוטס טאָנ".

צו דעם דאָזיקנ אײַנאקטער מאכט פינסקי זייער א כאראקטעריסטישע באמערקונג: מע קאָנ זיכ באגיינ אָנ דער סצענע מיט די ארבעטערנס אינ ניי-וואַרשטאַט. מע קאָנ דורכלאָזנ די פיר זײַטלעכ מיט די ארבעט-מיידלעכ (ערשטער באַנד פונ פינסקיס דראמעס, ארויסגעגעבנ ניו-יאָרק, 1918, ז. 275). פינסקי רעקאָמענדירט גלײַכ אָנהייבנ די שפּיל פונ פאניע סעגאַלס „דראמע", פונ אירע „ליידנ". די דאָזיקע באמערקונג מאכט אזוי קלאָר, דורכזיכטיק דעם פאקט, אז פינסקי האָט שוינ פארלאָזנ, פאראכטנ די שנײַדער-מיידלעכ. איצט איז שוינ פינסקי געוואָרנ דער שרײַבער פונ פאניע סעגאַל...

די טעמע וועגנ די א-ביעטער-מיידלעכ, די טעמע וועגנ די סאָציאַלע ליידנ אונ פּײַנ פונעם האָרעפּאשניק, וועגנ ארבעטער-קאמפּ — ווערנ אלץ זאכנ פאר פינסקינ אויסגעשריבענע, אויסגעזונגענע. „ניטאָ דאָ שוינ דעם דיכטער אפ וואָס אָפּצושטעלנ זיכ". די „נאציאָנאלע געשיכטע", די פארשיידענע שטומע אונ ניט שטומע מאָשיכים, די „אייביקע" אונ „פרעמדע" וועלנ שוינ איצט באגײַסטערנ דעם נעכטיקנ שרײַבער פונ די „יאָנטעוו-בלעטלעכ". אונ די ווענדונג צו די דאָזיקע נאציאָנאל-היסטאָרישע פיגורנ באטײַט, לויט פינסקינ, אז ער האָט „דערפילט אונ דערזענ דאָס לעבנ ווײַטער אונ טיפער", „זיכ דערנעענטערט צום קוואַל פונ לעבנ" („אופקום", 1928, מײַנומער, ז. 19).

„פאמיליע צווי" איז דער קערפונקט אין פינסקיס שאפונג. אפ א באנקעט, וואָס איז איינגעאָרדנט געוואָרן אין ווארשע לעקאָוועד פינסקין אין יול 1932, האָט פינסקי דערציילט, אז „פאמיליע צווי" האָט ער נאָך „פארטראכט אין 1900 יאָר, ווי א גרויסע סעריע. דאָ האָט דער איקער באדארפט זיין דער טויט פון דער אַל־טער שיינקייט" („ליטעראַרישע בלעטער", נומ. 31 פארן 1932 יאָר, אונטערגעשטראָכן פון מיר. — ש. ק.). הייסט עס, שוין אין 1900 יאָר, באלד נאָכן אָנשרייבן די ארבעטער־דראמע „אייזיק שעפטל", טראָגט זיך שוין פינסקי ארום מיט דער אידיי פון דער „אַלטער שיינקייט", מיט דער אידיי פון ארויספירן אין א גאנצער סע־ריע דראמעס נאציאָנאלע העלדן, קידעשהאשעם-העלדן. דער קי־שענעווער פאָגראָם פון 1903־טן יאָר, דער פאָגראָם, וועלכן דער צא-ריזם האָט אָרגאניזירט אלס איינס פון די קאמפס־מיטלען קעגן דער אָנוואקסנדיקער רוסישער רעוואָלוציע, האָט שוין בלויז פאר־שנעלערט פינסקיס איבערגאנג אין די רייען פון יידישן נאציאָ־נאליזם, האָט בלויז פארשנעלערט דאָס באשאפן די טראגע־דיע „פאמיליע צווי".

אין דער פאָרעדע צו „פאמיליע צווי" דערקלערט זיך שוין פינ־סקי פאר א נאציאָנאלן דיכטער, פאר א נאציאָנאלן טריבון. ער שרייבט: „מיט דעם וואקסן פון מיין ווערק איז אין מיר גע-וואָקסן דער באוווסטזיין, אז איך שאף דאָ עפעס אזוינס, וואָס מוז געלייענט ווערן פונעם גאנצן פאָלק, פון אלע זיינע קלאסן און מאסן. און איך האָב געשריבן, ווי אין א פיבער, מיט א הארצקלאפעניש, איך האָב גערעדט צו א גאנץ פאָלק. איך האָב דאָס גאנצע פאָלק פארקליבן צו מיר אונטער מיין אייגענעם בארג סיניי". (פינסקי, 3-טער באנד, ז. 119, מיינע אונטערשטרייכונג. — ש. ק.)

און דער נעכטיקער „סאָציאַליסט", דער זעלבער פינסקי, וואָס איז געווען א זייל פון די ראדיקאלע „יאָנטעוו־בלעטלעך", וואָס האָט געשטורעמט קעגן דעם ריבוינעשעלוילעם אפן הימל און קעגן זיינע פארטרעטער אפ דער ערד, — דער זעלבער דאָווויד פינסקי פירט איצט ארויס דעם אלטן מאגיד, דעם ריבוינעשעלוילעמס פראָפאגאנדיסט

מוישע צווי און שטעלט אים פּאָר ווי א גרויסן יידן, און באשענקט אים מיט אלע גוטע מײַלעס: מיט קראפט, ווילן, איבערצײַגונג, פּרינציפּיעלקײַט, אקשאָנעס אין דורכפירן די אייגענע פּרינציפּן. מוישע צווי פּארטיידיקט שטאָלץ מיט זײַן ברוסט זײַן „אָרגאניזאציאָן" („גאָטסהויז"), און ער קומט הערלעך אום אפ זײַן פּאָסטן (אין בעסמעדרעש). און כאָטש ער קומט אום אין דער דראמע, אָבער פּאקטיש בלײַבט ער דער זיגער. פאר אים קאפּיטולירן אלע. צו אים קומט דער קאָסמאָפּאָליט לעאָן מיט א מאכנע יידישע יונגעלײַט, און ווען זיי טרעפן דעם „קאָמאנדיר פון גאָטס כאיל" טויט, שרײַט אויס לעאָן, דער נעכטיקער אסימיליאטער: „טויט! טויט. די אלטע שיינהײַט איז טויט. און... איצט??" (פּינסקי, 3־טער באנד, ז. 209). אזוי ענדיקט זיך די „טראגעדיע" „פאמיליע צווי", און דאָס האָט באדארפט באטײַטן אָט וואָס: די אלטע שיינהײַט איז טויט, איז מיט וועמען איצט און וווהין איצט?

דער „סאָציאליסט" רוווען, מוישעס אייניקל, פארמאָגט ניט די אלע מײַלעס, וואָס פּינסקי באמיט זיך צושרײַבן דעם אלטן מוישע צווי. אין טאָג געגומענע ווערט ער געשילדערט באגלײַך מיטן ציעניסט ליפּמאן, ווי דער יונגער דאָר פון עם יידישן פאָלק, ווי א באשטאנדטייל פון די נאציאָנאלע קרעפטן פון עם יידישן פאָלק. די גאנצע ליבע און סימפּאטיע פון עם שרײַבער איז אָבער געווענדט דאפקע צו דער „אלטער שיינהײַט".

גלײַך באם דערשײַנען פון דער דאָזיקער נאציאָנאליסטישער „טראגעדיע" האָט דער יידישער בורזשואזער קריטיקער באלמאכשאָוועס אָנגעשריבן, אז פּינסקי איז „גײַסטיק אויסגעוואָקסן". ער האָט „די טמימעסדיקע בראָשורנ־טוירעס (דה. די ראדיקאלע רעוואָליוציאָנערע אידייען — ש. ק.) אוועקגעוואָרפן". אז פּינסקי האָט „טיפער באנומען די יידישע פּראָבלעם", אז „צום ערשטן מאָל האָבן מיר די שטימע פון איינעם, וואָס האָט גענאָסן פון אייץ־האדאס", דה. פון נאציאָנאליזם. און מיט פרייד פארצייכנט דער בורזשואזער קריטיקער, אז „פּינסקי פון „פאמיליע צווי" איז שוין פון אן אנדער כיידער"... ניטאָ שוין דער קאס צו די יידישע באלעבאטים און די בלינדע לי־

בע צום יידן אין א מאַכבעש פון אן אַרבעטער". (באַלמאַכשאָוועס, געקליבענע שריפטן, 1־טער באַנד, ז. 155, אונטער־געשטראָכן פון מיר. — ש. ק.). און מע דאַרף זאָגן, אַז באַלמאַכשאָ־וועס האָט ריכטיק אויפגעכאַפט דעם זין און דעם באַטײַט פון „פּאַמיליע צווי". ווירקלעך, פּינסקי פון „פּאַמיליע צווי" איז שוין פון אַן אַנדער כיידער. ניטאָ שוין דער פּראָטעסט קעגן די יידישע באַ־לעבאַטים, ניטאָ שוין די ליבע צום אַרבעטער. זי איז איצט איבער־געשלאָסן צו די קידעשהאַשעם־יידן, זי איז איצט איבערגעשלאָגן צו דעם אַלטן מאַגיד מוישע צווי.

די גאַנצע יידישע נאַציאָנאַליסטישע קריטיק האָט אַפּלאָדירט דעם נײַעם קערפּונקט אין פּינסקיס שאַפן.

דער קריטיקער פון „דאָס לעבן" שרײַבט אויס אין היספּײַלעס, אַז אין „פּאַמיליע צווי" איז געגעבן „די טראַגעדיע פונעם יידנטום", אַז פּינסקי האָט אין „פּאַמיליע צווי" געשאַפן אַ קונסט־ווערק און ניט קיין פּאַרטיי־ווערק, אַז ער האָט זיך דאָ אויפגעהויבן צו אַ באַזונדערער הייך און אָביעקטיווּיטעט („דאָס לעבן", 1905 י., מאַרט).

און ד״ר נאָסן בירנבוים האָט זיך צערעדט אין „יידישן פאָלקס־בלאַט", אַז „פּאַמיליע צווי" איז „דאָס יידישסטע ווערק". דאָרט האָט איר „די גרויסע אינערע טראַגעדיע פונעם יידישן פאָלק", דאָרט האָט איר ווידער „די געהיימניש פון דער יידישער פּראָבלעם" („ייד. פאָלקסבלאַט", 1905 יאָר, אַפּרעל) און עס איז ביז גאָר כאַ־ראַקטעריסטיש, וואָס די „טראַגעדיע וועגן לעצטע און איינציקע יידן" („פּאַמיליע צווי") האָט אַרויסגעגעבן ניט עמעצער אַנדערש, ווי דער „בונד" אין 1905 יאָר. און אין זײַן פּאָרעדע צו „פּאַמיליע צווי" דריקט פּינסקי אויס די האָפענונג, אַז „דער „בונד" מיט זײַן וווּנ־דערבאַרער אָרגאַניזאַציאָן וועט פאַרשאַפן מײַן טראַגעדיע די מעג־לעכסטע גרעסטע פאַרשפּרייטונג" (פּינסקי, 3-טער באַנד, ז. 120). און דער „בונד" האָט אַלץ געטאָן קעדיי אויסצופילן פּינסקיס נאַציאָנאַ־ליסטישע האָפענונג.

אָט די בונדישע שטים אינעם אַלגעמיינעם בורזשואַז־נאַציאָנאַ־ליסטישן געפּילדער וועגן דעם נײַעם גרויסן ווערק פּינסקיס „פּאַמיליע צווי" — סאַראַ זעלטענע אילוסטראַציע עס איז צו דעם, ווי עס האָט

זיך באַמיט דער „בונד" פאַרהיטן, די „אַלטע ייִדישע שיינהייט", ווי ער האָט זיך געסטאַרעט „איינצוהיטן אַלדאָס ייִדישע, צו קאָנסער־ווירן אַלע נאַציאָנאַלע באַזונדערקייטן, אײַנשליסלעך די בעפיירעש שעדלעכע פאַרן פּראָלעטאַריאַט" (סטאַלין. „מאַרקסיזם און די נאַציאָ־נאַלע פראַגע", סטאַלינס אונטערשטרייכונג. ציטירט פון בוך: סטאַלין־„מאַרקסיזם און די נאַציאָנאַלע פראַגע" אויסג. פאַרטפאַרלאַג 1931).

און ווייטער פאַרטיפט זיך פינסקי אין נאַציאָנאַל-רעליגיִעזע גע־שיכטעס. ער שרייבט אָן אין 1906 יאָר די טראַגעדיע פון „איי־ביקן ייִדן" („דער פרעמדער"). פינסקי דערציילט דאָ פּאָשעט איבער מייסעס פון מעדרעש. „דער פרעמדער" האָט צו טאָן מיט די „מאָ־שיִעך־זוכענישן פונעם גאָלעס־פאָלק". דער נאַציאָנאַליזם ווערט דאָ נאָך מער פאַרשטאַרקט. איצט שטייט שוין ניט פאַר פינסקין די פראַגע „און איצט?", ווי אין „פאַמיליע צווי". איצט רופט פינסקי צו אַקטיווער מאָשיִעך-זוכעניש. איצט איז שוין פינסקי פול מיט פּאַטאָס פאַר דער דאָזיקער אַקטיווער „מאָשיִעך־זוכעניש".

„דער אייביקער ייִד" מוז זוכן, מוז אַרומגיין ביז ער וועט מאָשיִעכן געפינען" (פינסקי, 3־טער באַנד, ז. 9 אונטערגע־שטראָכן בא פינסקין). און דער „אייביקער ייִד" לאָזט זיך אין א ביגיאָמין־נעסיִע זוכן דאָס קינד, וואָס איז געבוירן געוואָרן אין דער זעלבער שאָ, ווען די לעצטע ווענט פון בייסאַמיקדעש זיינען איינ־געפאַלן. דאָס געזוכטע קינד הייסט מענאַכעם — „טרייסטער, אופריכ־טער, אופבויער פונעם נייעם בייסאַמיקדעש". אָט די דאָזיקע מעד־רעשדיקע לעגענדע, אָט די דאָזיקע „דערהויבענע" טעמע פאַרכאַפּט איצט דאָוויד פינסקין.



אין דעם „שטומען מאָשיִעך", אָנגעשריבן אין 1911 יאָר, ווערט די דאָזיקע ליניע ווייטער פאָרגעזעצט און פאַרטיפט. אין דער דאָ־זיקער „טראַגעדיע" ווערט די אַקטיווע ציִעניש צו „ערעציִיסראָעל, דאָס לאַנד פון אַלע לענדער און דער ציל פון אַלע צילן" (3-טער באַנד, ז. 64) נאָך בוילעטער. עס פאַרשטאַרקט זיך דער שאָוויניזם. אַלע פערסאָנאַזשן עטעמען מיט א מוירעדיקן האס צו די אַנדערע פעלקער. די אַנדערע פעלקער ווערן פאָרגעשטעלט ווי אַזעלכע, וועל־

כע גארנ שטענדיק צו פּײַניקנ, פֿארפֿאָלגנ דאָס ייִדישע פֿאָלק. „קריסט בלײַבט קריסט אונ ייִד בלײַבט ייִד. שטענדיק וועלנ זיי אונדז פֿארפֿאָלגנ". (באנד 3, ז. 100).

פּינסקי „פֿארטיפֿט" זיכ אלצ מער אינ דער ביבל-טעמאטיק. ער שרײַבט דראמעס וועגנ „דאָוויד האמײלעכ אונ זײַנע ווײַבער" (1914 יאָר), וועגנ „שלוימע האמײלעכ אונ זײַנע טויזנט ווײַבער" (געדרוקט זיכ אינ ווארשעווער ציִעניסטישנ „הײַנט") אונ נאָכ אונ נאָכ אזעלכע אונ ענלעכע „טראגעדיעס" אונ דראמעס.

אונ די דאָזיקע דראמאטיזירטע „נאציִאָנאלע" געשיכטעס זײַנענ דורכ אונ דורכ עראָטיזירט. באגלײַכ מיט די טאנאָיִמ אונ קויהאנימ, באגלײַכ מיט די ייִדישע קייסאָרימ אונ נעוויִימ ווערט דאָ ארויסגע-פֿירט א גאנצע גאלעריי העלדעכע, מעסירעסנעפֿעשדיקע נאציִאָנאלע זוינעס.

די עראָטישע „פּראָבלעמענ" אונ מאָטיוונ ווערנ באגלײַכ מיט די „נאציִאָנאלע" מאָטיוונ ארויסגערוקט בא פּינסקינ אינ פֿאָדערגרונט.

אינ 1908 יאָר שרײַבט פּינסקי אָנ א גרויסע דראמע „גארבי אונ די פֿרויענ". די האנדלונג קומט פֿאָר אינ א פֿאָסעסערס הויז. באמ פֿאָסעסער ארבעטנ פֿיל ארבעטער, אָבער ניט די באציִונגענ צווישנ די ארבעטער מיטנ פֿאָסעסער אינטערעסירנ דעמ שרײַבער. דער יונגער ארבעטער, וואָס ווערט יאָ ארויסגעפֿירט אינ דער דראמע, האָט איינ אונ איינציקע פֿונקציע — העלפֿנ דעמ פֿאָסעסערס טאָכטער אונ גארבי אינ זייערע ליבע־טרעפֿענישנ. הייסנ הייסט ער לעמ אונ ער איז טאקע א לעמעשקע, אונ ניט מיט אימ וועט זיכ שוינ פּינסקי פֿארנעמענ. וויכטיק ווערט פֿארנ שרײַבער דאָס, וואָס גאָליִ, דעמ פֿאָסעסערס טאָכטער, קענ אייביק ליבנ, קענ שטענדיק זײַנ טריי. אפֿילע דאנ, ווענ גארבי פֿאראט. עס ווערט דאָ געשילדערט א ליבע־קאָנפֿליקט, וואָס איז אינגאנצנ ארויסגעטאָנ, ארויסגעליידיקט פֿונ סאָציִאלע קאָנפֿליקטנ, פֿונ א סאָציִאלער אטמאָספֿער. די האנדלונג קומט פֿאָר אינ אזא „צײַט אונ אָרט": ווענ עס איז אונ ווו עס איז" (פּינסקיס באמער-קונג צו דער דראמע). צײַט, אָרט, סאָציִאלע סוויווע האָבנ שוינ גאָרניט צו זאָגנ. אומעטומ, בא אלע צײַטנ איז דער ליבע־קאָנפֿליקט איינער אונ דער זעלבער — א טעזיס פֿונ אלע רעאקציִאָנערע, דעקאדענ-

טישע שרײַבער, וואָס האָבן זיך מיט דער פּײַצע אויסגעדרייט צום געזעלשאַפטלעכן לעבן, צו די סאָציאַלע קאָנפליקטן אין דער געזעלשאַפט.

און פּינסקי כאַזערט זיך מווירעדיק איבער אַפּ דער טעמע „אייביקע ליבע", „שטענדיקע טרײַשאַפט".

אין דער „דראַמע" „אַפּ ליבעס קרומע וועגן" קומט די האַנדלונג פאָר אין דער מילכאָמע־צײַט. אָבער די אימפּעריאַליסטישע מילכאָמע מיט איר גרויל און שוידער איז ווידעראַמאָל פאַר פּינסקין אינגאַנצן ניט וויכטיק. די אימפּעריאַליסטישע מילכאָמע ווערט בלויז אויסגענוצט אַפּ פעסטצושטעלן נאָכאַמאָל דעם טעזיס פון פאַרעטערישער און טרײַער ליבע.

די איבערכאַזערונג פון דער דאָזיקער באַנאַלער און אָפּגעריבענער טעמע, די אויסגעטאָענקייט און אויסגעליידיקטקײַט פון די סאָציאַלע קאָנפליקטן האָבן געבראַכט דערצו, אַז די אַלע דראַמעס פונעם דאָזיקן מין שטעלן מיט זיך פאָר איינע גרויסע קינסטלערישע דעגראַדאַציע פונעם שרײַבער. אַפּ קוואַטשיקע, סענטימענטאַלע געשיכטעס קאָן מען קיין גרויסע קונסט ניט אויסבויען.

אין „נינאַ מאַרצענס ליבע" ווערט דורכגעפירט די באַוווּסטע רעאַקציאָנערע טעאָריע, אַז דער איינציקער קוואַל פון מענטשלעכער שאַפונג אין אַלע געביטן איז די עראָטיק. אַדאַנק דער ליבע פון דער יונגער בורזשואַזער נינע ווערן געבוירן טאַלאַנטן, ווערן געקרעפּטיקט טאַלאַנטן: דער שוישפּילער, דער דיכטער, דער מאָלער, דער דיפּלאָמאַט, דער אַרבעטער-פירער. אין זיי אַלע גיסט נינע מיט איר ליבע אַרײַן שאַפונג-ענערגיע. ביז דער באַגעגעניש מיט נינען האָט דער אַרבעטער-פירער, לעכאָשל, קוים געקענט אָנשרײַבן אַ צײַטונג־אַרטיקעלע. איצט איז ער אַ גרויסער פירער, אַ גוואַלדאָוונער רעדנער, פאַרמאָגט אַ פלאַמענדיקן גלויבן אין דער צוקונפט. און די אַלע מײַלעס האָט אין אים אַרײַנגעבלאָזן מיט איר עראָטיק נינע. זי שרײַט אויס צום שוישפּילער אין אַ נעוויישן טאָן: „איך וועל אויפוועקן אין דײַן געשאָמע די אַלע קויכעס, וועלכע שלאָפן אין דיר און האַלטן אויף דאָס שאַפן. איך וועל דיך רײַך מאַכן, ווי דו ביסט עס נאָך קיינמאָל נישט געווען, דו, רײַכער" (באַנד 5, ז. 248).

אין פעריאָד פון דער רעאקציע אין רוסלאַנד נאָך דער ערשטער רעוואָלוציע האָבן פיל רעאקציאָנערע שרייבער זיך פארנומען מיט עראָטישע פּראָבלעמען: ארציבאשעוו, פיאָדאָר סאָלאָגוב, טיילווייז אנ־דרייעוו. דער באָלשעוויסטישער ליטעראטור־קריטיקער וואָראָווסקי האָט מיט רעכט די דאָזיקע אלע לייט דאן אָנגערופן „מאראָדערן פון דער רעוואָליוציע".

ד. פּינסקי שליסט זיך בעפיירעש אָן אָן די דאָזיקע רעאקציאָנערע מאראָדע־ישע שרייבער מיט דעם אונטערשייד, וואָס פּינסקי איז אין פארגלייך מיט אייניקע פון יענע שרייבער מער טאלאנטלאָז אין די דראמעס, וואָס געהערן צו דעם דאָזיקן פעריאָד.

ד. פּינסקיס ליבלינג איז די דראמע „בערגשטייגער" אָנגעשריבן אין 1912 יאָר.

אין דער דאָזיקער דראמע ווערט אויסגעפירט, אז דער מענטש קאָן זיך פילן פולשטענדיק גליקלעך נאָר דאן, ווען ער איז איינזאם. דער דיכטער מארק אנטוויקלט דאָ פאר זיין געליבטער די טעאָריע וועגן דער גליקלעכער איינזאמקייט פונעם מענטשן. ווען זיין געליבטע מירא זאָגט אים: „באדענק, באלד הייבט זיך אָן דער שווערסטער טייל פון וועג, מיר זיינען שוין ניט ווייט פונעם גלעטשער — וואָס פאר א גליק וועט עס זיין פאר אונדז אלעמען דעם שווערן וועג האנט אין האנט צו גיין אייניק, העלפנד, ליבנד. קום, א ביסל ווייטער אויבן טיילט אָפּ א וועג זיך, וועלכער פירט צו דיזן וועג דאָ אונטן. מיר וועלן אים באטרעטן און גיין צו זיי אנטקעגן". ענטפערט מארק: „דו ווילסט מיין אונטערגאנג". זיין מיטן קאָלעקטיוו הייסט אונטערגאנג פאר מארקן, הייסט „אראָפּגעריסן ווערן פון אלע הימלען" (באנד 5, ז. 358—359).

די אידיי פון „בערגשטייגער" איז „פאר דער מענטשהייט ארבעטן — און אליין איינזאם בלייבן". אָבער דער, וואָס האלט, אז א מענטש איז גליקלעך נאָר דאן, ווען ער איז איינזאם, איז דאָך דער טיפּסטער אינדיווידואליסט, אינדיווידואליסט פונעם סאמע ערגסטן מין. און אזא איז דאָך דער אידעאליזירטער פּאָעט מארק. ער באציט זיך מיט פאראכטונג צו „געזעלשאפט-רעטער", „וועלט-אויסבע-סערער". אין דער באדערפעניש „פאר דער מענטשהייט ארבעטן" זעט

ער דאָכ זײַנ אונטערגאנג, „אראָפּגעריסנ ווערנ פונ אלע הימלענ". אונ אזא דראמע דארפ לויט ד. פּינסקינ הייסנ „אלגעמיינ-מענטשלעכ ווערק"!

נאָענט צו די מאָטיווג פונ „בערגשטײַגער" איז אנ אנדער „אלגעמיינ מענטשלעכ ווערק" (לויט פּינסקיס אייגענער קוואליפיקאציע) „יעדער מיט זײַנ גאָט", אָנגעשריבנ אויכ אינ 1912 יאָר. אינ דער דראמע ווערט אידעאליזירט דער געוועזענער קאָמערסאנט מענאשע ריווקינ. מענאשע ריווקינ וויל ניט פארקויפנ פאר דאָלערס זײַנע פּרינציפּנ. מענאשע ריווקינ פארהיט א גאָט אינ הארצנ. אונ אימ, דעמ נעכטיקנ קאָמערסאנט, גיט פּינסקי די פונקציע פונ באקעמפנ די אָלרײַטישע עלעמענטנ (נעלסאָנ, דאָבע). ער, מענאשע, איז פײִק אפ קאָרבאָנעס: ער זאָגט זיכ אָפּ פונ קאָמפּענסאציע פאר זײַנ אָפּגעשניטענער האנט, אפ וויפל דאָס איז פארבונדנ מיט אָפּזאָגנ פונ דער ארבעט צוויי טראמווײַ-אָנגעשטעלטע. אזא איז דער קאָמערסאנט. אנדערש זײַנענ די סאָציאַליסטנ. שיפרע, דאָס ארבעטס-מיידל, האָט שוינ לאנג אינ איר גאָט (סאָציאַליזמ) פארגעסנ. זי איז א פולשטענדיק אנטוישטע, פילט זיכ עלנד, דערשלאָגנ, אנאָנסירט אינ א צײַטונג וועגנ א כאָסנ, א מאנ אונ גיט, אגעוו, אָנ אינ נאדנ דאָס, וואָס זי האָט „אינ דער היימ" (אינ רוסלאנד. — ש. ק.) געענדיקט גימנאזיע אונ מיטגעמאכט די רעוואָליציאָנ" (די זעלבע געשיכטע כאזורט זיכ איבער אינ דער דראמע „איסאק פּינייעוו").

דער „טשוואָק" פונ דער „אלגעמיינ מענטשלעכער דראמע" איז אָבער אָט אינ וואָס: עס באווײַזט זיכ עפּעס אנ אבסטראקטע באשעפעניש, א מינ בלאָנדזשנדיקער געוויסנ, וואָס הייסט יויסעפ ניימאנ, אונ מאָנט בא שיפרענ ערלעכקייט אונ טרײַשאפט צו די פּרינציפּנ. יויסעפ ניימאנ האָט שוינ אויכ לאנג פארלאָרנ דעמ גלויבנ אינ דעמ מענטשנ. אָבער מיט זײַנ „רעליגיאָנ", דה, מיט זײַנע פּרינציפּנ האָט ער זיכ ניט צעשיידט. ער שרײַט אויס: „מײַנ גאָט לעבט אינ מיר, מײַנ רעליגיאָנ איז מיט מיר". קענסט זיכ, הייסט עס, אינ מענטשנ אנטוישנ, אָבער דײַנ „רעליגיאָנ", דײַנ אידיי דארפסטו ניט אופגעבנ. אונ דאָ איז דורכויס ניט וויכטיק, וואָס פאר א אידיי, וואָס פאר א „רעליגיאָנ". יויסעפ ניימאנ באגריסט אינעמ באקאנטנ געווייִשנ נוסעכ מענאשע ריווקינענ מיט דעמ, וואָס ער האָט פארהיט זײַנ גאָט: „אונ

איך דער פרייַדיקער פרייַ מיך מיט אייַך. זאָל יעדער גיין אין נאָמען פון זייַן גאָט, אָבער א גאָט מוז יעדער האָבן, און מיט אים גאַנץ זייַן און פון אים אויסגעפילט זייַן" (1-טער באַנד, ז.ז. 151—150, אונטערגעשטראָכן פון מיר. — ש. ק.).

אָבער די אַנטוישונג אין מענטשן מוז דאָך אומבאַדינגט ברענגען און ברענגט טאַקע צום סאַמע עקלהאַפטן מין עגאָיזם. די „רעליגיאָן", די אידייַ פּלאַצט ווי א זייפבלאָז. און דער פּאָעט מאַרק (אין „בערג-שטייַגער") איז שוין דאָך דערגאַנגען צו דער מאַדרייגע. ער האָט זיך אין דעם מענטשן אַנטוישט, פּאַרלאָרן דעם צוטרוי צו אים און אויסגעבויט א טעאָריע פון גליקלעכער איינזאַמקייַט, א טעאָריע, וואָס ווערט פון פּינסקין פולשטענדיק סאַנקציאָנירט.

מיר האָבן אויבן באַוויזן, וויאַזוי פּינסקיס אָפּקער פון דער אַרבעטער-טעמאַטיק, וויאַזוי זייַן ווענדונג צו נאַציאָנאַלער געשיכטע, צו עראָטישע טעמעס, צו דער טעמע וועגן דעם איינזאַם גליקלעכן — זייַנען געווען מערקצייכנס פון זייַן (פּינסקיס) קער צו דער בורזשואַזער אידעאָלאָגיע. דער נייַער אידעאָלאָגישער ווענדפּונקט פּינסקיס האָט אָבער אויך גרינטלעך געאַנדערט זייַן שרייַבערישן מעטאָד.

פּינסקיס ערשטע דערציילונגען, די דערציילונגען וועגן אַרבעטער-לעבן, אויך די דראַמע „אייַזיק שעפטל" זייַנען געווען געשריבן דערי-קער אין נאַטוראַליסטישן גייַסט. פּינסקי האָט זיך דאַן געהאַלטן בא דער פּינקטלעכער און דעטאַלער שטייגער-באַשרייַבונג.

אין אָנגעמאָלטן בילד בא פּינסקין האָט שטענדיק געהערשט די שטייגער-דאָקומענטירונג און שטייגער-דעטאַליזירונג. די נאַטוראַליסטישע שילדערונג פּינסקיס, וואָס האָט, עמעס, באַזונדערס אונטערשטרייַכט דעם גרויל פונעם אַרבעטער-לעבן, איז ניט שטענדיק בעקויעך געווען צו אַנטפּלעקן דעם סאָציאַלן זין פון די געזעענע און געשילדערטע פאַקטן. דער נאַטוראַליסט בלייַבט גאַנץ אָפט שטעקן אין די ראַמען פון די פאַקטן. פּינסקי האָט אַלס קלאַל אין ערשטן פּעריאָד ניט געקאָנט אויסקנעטן קיין רעוואָלוציאָנערע פיגורן פון די פּאַריאָכטע און אומצופרידענע אַרבעטער און דאָס איז געווען געבונדן דערמיט, וואָס פּינסקי האָט ניט געקאָנט די געשילדערטע פאַקטן און אומשטענדן דערהייבן, דערפירן צו אַלגעמיינע קאַטעגאָריעס. מיט איין וואָרט אין

דער פינקטלעכער, אין דער נאטוראליסטישער שילדערונג איז ניט שטענדיק דאָ דער ווירקלעכער אָביעקטיווער סאָציאַלער זין פון די לעבנסבילדער. אפ דער נאטוראליסטישער באשרייבונג פינסקיס ליגט געוויס דער שטעמפל פון א ניט רייפן סאָציאַלן באוווסטזיין.

אָבער, ווי געזאָגט, האָט פינסקיס אמאָליקע שילדערונג געהאט א פעסטן *אָנשפאר* אין די רעאלע אומשטענדן, און דער נאטוראליסטישער געמעל האָט דאָך געקאָנט אנטבלויזן דעם שווידער פונעם ארבעטער-לעבן, און דאָס איז געווען זייער און זייער פראָגרעסיוו. דאָס איז געווען אמאָל, אין בעסטן פעריאָד פון פינסקיס שעפערישן לעבן.

שפעטער, ווען פינסקי ווערט פארכאפט פון דער „אלטער שיינהייט”, פון „הערלעכע” יידן און פרומע זוינעס, פארלירט זיין שילדערונג דעם אָנשפאר אין דער ווירקלעכקייט, אין די רעאלע אומשטענדן. זיין דראַמע הערט אויף צו אָטעמען מיטן אָטעם פון דער רעאלער צייט און אָרט. פינסקי הייבט אָן שרייבן *סימבאָלישע* דראמעס און דערציילונגען. די געשילדערטע סיטואציעס זיינען שוין דורכויס איליוזאָרישע. די אויסגעדיכטעטע פיגורן זיינען שוין דורכויס פאנטאסטישע, און די גאנצע אטמאָספער א יענזייטיקע. ווי כאראקטעריסטיש עס זיינען די אלע באמערקונגען צו די „היסטאָרישע” דראמעס, וואָס פינסקי מאכט אליין: די האנדלונג קומט פאָר „ווען עס איז און ווו עס איז”, אָדער די האנדלונג פארלויפט „אין לאנד און צייט פון א מייסעלע”. אויך זייער א גרויסע צאָל פיגורן האָט ניט קיין אייגנעמען: „דער פרעמדער” „דער גרויער”, „דער שטומער” „דער אייביקער”, „דער גייער”, „דער זוכער”, „דער שווארצער” „דער גרויער”, „דער בלויער” אאוו. אדג.

דערמיט, וואָס פינסקיס דראמע און דערציילונג „באפרייען זיך פונעם רעאלן לעבן, פון קאָנקרעטער צייט און אָרט, דערמיט, וואָס זיי לאָדן זיך אויס פון שטייגער, ווערן זיי פוסט און אויסגעליידיקט. די אויסגעטרוימטע, די איליוזאָרישע פיגורן פינסקיס, אָנגעהויבן פונעם ערשטן געשילדערטן פאָרשטייער פון דער „אלטער שיינהייט” — מוישע צווי, אריינגערעכנט די אלע „שטומע” „אייביקע” און „פרעמדע”, דעם גאנצן הארעם דאָוויד האמעלעכס און שלוימע האמעלעכס, ביז די „בערגשטייגער” און דער „טראגעדיע פון דער רעוואָלוציאָנערער אר-

בעטער-באַוועגונג“ („איסאַק פּיניעוו“, 1926) — אָט די דאָזיקע פיגורן גייען באַ פּינסקין אַפּ שטאָלצן, ניטאָ באַ זיי קיין טראָפּן בלוט און קיין ברעקל לײַב. די פּוסטקײַט און די אויסגעליידיקטקײַט פון די אַלע סימבאָלישע דראַמעס האָט פּינסקי געפּרוווט פאַרדעקן און פאַרשרײַען מיטן רעטאָ-רישן, מיטן סטיליזירטן ביבל-וואָרט. די נאָכגעמאַכטע שפּראַך פון די נעוויִים, די ביבל-שפּראַך, וואָס איז לויט פּינסקין אַן „אויסדרוק פונעם יידישן שאַפונג-גײַסט, האָט דאָ אָבער אויך גאַנץ ווייניק געהאָלפן. און דאָ האָט אומפאַרמײַדלעך געמוזט קומען פּינסקיס קינסטלערישע מאַפּאָלע...

אָט דער קער אינעם קינסטלערישן מעטאָד פּינסקיס — פון נאַ-טוראַליזם צו סימבאָליזם — איז אַ גאַנץ כאַראַקטעריסטישער (שטריך פאַר פיל שרײַבער. ווי ענלעך עס איז, לעמאָשל, דער ליטעראַרישער וועג פּינסקיס צום ליטעראַרישן וועג פונעם באַוווּסטן דײַטשישן שרײַבער געַרהאַרדט האופּטמאַן — באַ זייער גאַנצער פאַרשיידנקײַט אין פּראַט פון קינסטלערישער מײַסטערשאַפט. האופּטמאַן האָט אויך אָנגע-הויבן פון נאַטוראַליסטישע דראַמעס און דערציילונגען, ווי, לעמאָשל, „די וועבער“. די נאַטוראַליסטישע באַשרײַבונג האָט אויך באַ האופּט-מאַנען באַטײַט, אַז אים פעלן ברייטערע סאָציאַלע האָריזאָנטן. האופּט-מאַן גיט אָפּ געַרעכט דעם אופגעשטורעמטן צאָרן פון די וועבער, וואָס גייט אין אַ סאָציאַל אומזיניקער ריכטונג. ער סאַנקציאָנירט דאָס פאַר-האַקן דעם טײַך מיט די געוועבן. דאָס צעשמעלצן די ווערקשטעלן, די פלאַמען איבער דרײַסינגערס הויז אאַוו. אדג.

אין 4—5 יאָר אַרום נאָך די „וועבער“ קומט אָן האופּטמאַנס „דער פאַרזונקענער גלאָק“ — אַן אויסגעשפּראָכענע סימבאָלישע דראַמע. הענ-ריך דער שמיד מיט זײַן געטרוימטן גלאָק, וואָס דאַרף קלינגען ניט נאָר אין אָפּגרונט, נאָר אויך און דעריקער אין די הימלישע הויכן, וואָס דאַרף אופלעבן די פאַרלאָרן געגאַנגענע ליד פון גליק, איז דורכויס אי-ליוזיע, געדאַכט... געַרהאַרדט האופּטמאַן גייט אַלץ ווײַטער און ווײַטער אַוועק פון זײַן נאַטוראַליזם, גייט אַלץ ווײַטער און ווײַטער אַוועק פון דער רעאַליטעט. דאָס געפיל פון רעאַלקײַט האָט אים אינגאַנצן פאַר-ראַטן. איצט האַלט האופּטמאַן אונטער דעם בלוטיקן היטלערישן רעזשים...

מיר וועלן זיך דאָ אָפּשטעלן אַפּ אַ פּאָר איינאַקטערס פּינסקיס, וואָס זײַנען דירעקט געשריבן וועגן דער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע.

און אינ דער צײַט פונ דער אימפעריִאַליסטישער מילכאָמע. דער ערשטער אײנאַקטער הײסט „פאָליטיק“, אָנגעשריבנ אינ 1915 יאָר. דאָרט ווערט די אנטשטײונג פונ דער אימפעריִאַליסטישער מילכאָמע פאָרגעשטעלט זײער טשיקאווע. דאָס פאָלק מיט „זײַנע“ פירער: געלער (אינדוסטריִעלער), שווארצער (גײַסטלעכער), בלויער, (מיליטערמאנ), גרויער (װאָדע א סאָציִאַל-רעפאָרמיסט) פאָדערנ אָנצוהײבנ א מילכאָמע, אָבער א לאנגע צײַט קענ דאָס פאָלק מיט „זײַנע“ פירער עס ניט פויעלנ באם... קאנצלער. ער, דער קאנצלער, האלט פלאמיקע רעדעס קעגנ מילכאָמע. „מילכאָמע — דונערט ער — איז מאָרד, רויב“. „איכ האס יעדע מילכאָמע. עס איז דאָס שענדלעכסטע פארברעכנ“ (באנד 2, זײַט 248). דער קאנצלער איז אײַנגעשפארט. ער וויל ניט אונטערשרײַבנ דעם מילכאָמע-דעקרעט און ארויסשיקנ „די קינדער פונ זײַנ פאָלק צו טאטנ פונ בלוט און פײַנטשאפט“ (דאָרט, ז. 249). זײַנ פעסטער באשלוס איז: „עס וועט קײנ קריג ניט זײַנ“ (דאָרט, ז. 252). און דאנ, דאנ מאכט דאָס פאָלק צוזאמענ מיט די פירער „א רעוואָליוציִאָנ“ קעגנ דעם דאָזיקנ פרידלעכנ און הומאנישנ עקסעלענצ, ווארפט אראָפ דעם „פאָלקספארעטער“, און דער פאָלקסגעארטער דעקרעט וועגנ מילכאָמע ווערט ארויסגעגעבנ.

צו דעם דאָזיקנ אײנאַקטער מאכט פינסקי א באמערקונג, אז די האנדלונג פונ דעם אײנאַקטער „קומט פאָר אינ לאנד אינ צײַט פונ א מײַסעלע“. אָבער לויט די רעדעס און פראָגראמעס, וואָס די פירער פונ פאָלק וויקלענ פאנאנדער, איז מער ווי קענטיק, אז דער אײנאַקטער באציט זיכ צו אונדזער צײַט, צו דער אימפעריִאַליסטישער מילכאָמע.

קאָנענ נאָכ געמאָלט זײַנ מער רעאקציִאָנערע שרײַבעכצנ וועגנ דער אימפעריִאַליסטישער מילכאָמע? דאָס פאָלק לעכצט, גײט מאמעש אויס נאָכ מילכאָמעס. די רעגירער ווילנ ניט, און דאָס פאָלק מאכט א „רעוואָליוציִאָנ“ און דערגרײכט זײַנס?

אינ אנ אנדער אײנאַקטער אפ דער טעמע וועגנ מילכאָמע, אינ „שײנער נאָנע“ ווערט דערצײלט וויִאַזוי אינ דער צײַט פונ דער אָקופאַציע פונ דער פרעמדלענדישער ארמײ בלײַבט די יונגע שוועסטער העדוויג אינ דער קלײנער קירכע פונ פרויענ-מאָנאסטיר פארהיטנ די אײביקע לאָמפ און די הײליקע בילדער. זי בלײַבט, ווײַל

זי גלייבט אין שוץ פון די הייליקע בילדער, און פינסקי איז אין גרעסטן עקסטאז פאר דער יונגער מאָנאכין, וואָס שטייט שטאָלץ קעגן די פרעמדלענדישע סאָלדאטן און ווערט ווי א גלויביקע און שטאָלצע באזיגט. זי איז דאָך אוואדע מוישע צוויס אן אייניקל מיט קידעשהאשעם-געפילן. זי פארטיידיקט העלדיש און שטאָלץ אירע „אלטע שיינהייטן".

דאָס איז אלץ, וואָס דאָוויד פינסקי האָט געהאט צו דערציילן וועגן דער אימפעריאליסטישער מילכאָמע.

און צולעצט וועגן פינסקיס נייסטער דראמע „איסאאק פיניעוו" (געדרוקט אין אמעריקאנער זשורנאל „אופקום" פון 1926 יאָר סענטיאבער—דעקאבער). די דאָזיקע דראמע טראָגט א שרייענדיקן און פרעטענציעזן נאָמען: „די טראגעדיע פון דער רעוואָליוציאָנערער ארבעטער-באוועגונג".

דער הויפט-העלד איז דאָרט איסאאק פיניעוו. איסאאק פיניעוו איז דער זעלבער אייזיק שעפטל, וועלכן דער שרייבער האָט ווידער צום לעבן געבראכט.

איסאאק פיניעוו (אייזיק שעפטל) לעבט דורך דריי רעוואָליוציעס. פינסקי מאכט אים אפילע פאר א באָלשעוויסטישן קאָמיסאר. אָבער דער געצווונגענער רעוואָליוציאָנערער טעראָר, וואָס די באָלשעוויקעס ווענדן אָן קעגן די מערדער פון אוריצקין, וואָלאָדארסקין, קעגן די אָנפאלער אפ לענינען, קעגן דער צעבושעוועטער קאָנטררעוואָליוציע, שרעקן אָפּ דעם „באָלשעוויסטישן קאָמיסאר" איסאאק פיניעוו. ער קערט זיך אָפּ פון דער רעוואָליוציאָנערער ארבעטערבאוועגונג, ווערט אין טאָך א פיינט פון דער רעוואָליוציאָנערער ארבעטער־באוועגונג.

אין פינסקיס שילדערונג פונעם „ארבעטער־פירער איסאאק פיניעוו ווייזט זיך ארויס די גאנצע טעמפּקייט פונעם קליינבירגער, זיין אָרגאניש ניט קענען פארשטיין דעם רעוואָליוציאָנער, די פערזענלעכקייט פונעם רעוואָליוציאָנער „דער פירער" דערשיינט אין א שווארץ העמדל, אָן א שמייכל, אָן קיין שום פרייד און לעבן". ער האָט אפילע א פרינציפּ פון ניט שמייכלען. ליבע צו א פרוי, פאָטערשע געפילן — דאָס זיינען אלץ זאכן, וואָס געפינען זיך, לויט פינסקיס

פירערס פארשטאנד, „אויסער דעמ ארבעטער-קאמפ” („אופקומ”, נאָיאַ־
בער 1926). דער ארבעטער־פירער טײַנעט צומ מיידל, וואָס האָט זיכ
אײַנגעליבט אינ אימ: „וויאַזוי האָט איר זיכ גאָר געקענט פארליבנ?
דאָס הייסט דאָכ אָפּגעווענדט זיכ פונ דעמ איינ פונקט, פונ דעמ
הויפּט-פונקט, דאָס הייסט, ניט געווענ גאנצ אינ אונדזער קאמפ.
האלב געווענ אינ אימ, געווענ אינ אימ אָנ הארצ, ווײַל דאָס הארצ
איז אוועקגעגעבנ געוואָרנ אפ ליבשאפטנ, פארליבענישנ. דאָס הייסט...
דאָס הייסט”... („אופקומ” סענטיאבער 1926) אקלאל, ליבע איז א געפיל,
וואָס אויסער די גרענעצנ פונ דער רעוואָליוציע — מיינט
פינסקי צוזאמענ מיט זײַנ „פירער”, דאָסגלײַכנ פּאָטערשע געפילנ...
אונ דער באָלשעוויסטישער קאָמיסאר מוז גלײַכ, נאטירלעכ,
באנקראָטירנ.

„פיניעוו — מיר איז קאלט.

שיפרע — (גלעט זײַנ קאָפּ).

פיניעוו (גלעט איר דעמ קאָפּ) איצטער ברויכ איכ ליבע. די וואַ־
רעמקײַט פונ ליבע, זי מוז אוועקנעמענ די בלוט־קעלט פונ מײַנ
הארצנ — ווי שיינ, ווענ קיינ בלוט וואָלט ניט פארגאָסנ ווערנ.

שיפרע — קוש מיכ.

פיניעוו — (בייגט זיכ איבער איר איבער, קושט זי).

שיפרע (מיט אירע אָרעמס ארומ זײַנ האלדז). מײַנ אופגעשטאנע־
נער פונ טויטע” („אופקומ”, 1926 דעקאבער).

עס זינגנ די ליבע-געפילנ. עס לײַדט א מאפּאָלע דער „רעוואָ־
ליוציאָנער” איסאק פיניעוו. עס כאפּט אימ ארומ א גרויל פונעמ רעוואָ-
ליוציאָנערנ טעראָר, „א בלוט-קעלט יאָגט אינ זײַנ הארצנ” אונ אינ
דעמ באשטייט די „טראגעדיע פונ דער רעוואָליוציאָנערער ארבעטער־
באוועגונג.

די גאנצע סכעמע פונ דער דאָזיקער טראגעדיע איז דורכויס אויס-
געבויט אפ א צוגעטראכטנ אבסורד.

קאָלזמאנ דער ארבעטער איז געווענ אנ עקספּלואטירטער, א
לײַדנדיקער, האָט צו אימ פינסקי געהאט סימפּאטיע. ער האָט סימ-
פּאטיזירט מיט זײַנ סאָציאַל ניט באזיניקטנ, מיט זײַנ סטיכייישנ
פּראָטעסט. האָט אָבער דער פּראָלעטאריער זיכ אופגעהויבנ א סאָפּ

צו מאכן צו דער דוירעסדיקער עקספלואטאציע און ליידן, האָט ער שוין דאן דאָוויד פינסקין געטראָפן אין לאגער פון דער בור־זשואזיע, אין לאגער פון דער קאָנטררעוואָליוציע.

★

פינסקי האָט אין יול 1932 יאָר אָפּגעדרוקט אין די ווארשעווער „ליטעראַרישע בלעטער" (נומ. 29) א דערציילונג וועגן איינעם א שריפטשטעלער נאפטאָלי מענקין. דער דאָזיקער נאפטאָלי מענקין איז לעבאטכילע געווען א שרייבער מיט טאלאנט: „ווען ער האָט אָנגעהויבן, האָט ער דערוועקט גרויסע האָפענונגען". מע האָט פיל געווארט פון אים, ער האָט ארייַנגעבראכט אין דער יונגער ייִדישער ליטעראטור זייַן אייגענע וועלט און זייַן אייגענעם קוק אף וועלט און מענטשן". שפּעטער האָט ער אָבער אָנגעהויבן באקן „סקיצעס און לאנגע דראמעס", „ער האָט צעפּאטערט אלע זייַנע „באגאבענישן" אף יעדעס שטיקל אינטריגע, וואָס ער האָט דורכגעלייענט אין די צייַטונגען". „ארום אים האָט געשטורעמט, און ער איז געשטאנען אינמיטן און אומגעשטערט געקיצלט דעם עולם מיט די קלייניקלעכסטע נישטיקייַטן". „ער איז געוואָרן טויב און בלינד צו די גרויסע געשעענישן פון דער צייַט. און האָט ער זיך געווענדט צו זיי, איז עס געווען אויבנאויף, פארבייַגייענדיק, אפילע לעבלעכע, מיט איין וואָרט, נאפטאָלי מענקין האָט זיך צוגעפּאסט צו די שונדישע פארלעגער און רעדאקטאָרן, צו די שונדישע צייַטונגען און זשורנאלן, וואָס האָבן געטייַנעט: „דער עולם וויל ניט קיין טיפע פּראָבלעמען... קונסט און טיפע פּראָבלעמען זייַנען דעם עולם לאנגווייַליק, און ער וויל זיך אמוזירן, ער וויל געקיצלט ווערן".

און אין רעזולטאט האָט נאפטאָלי מענקין פארלאָרן זייַן קינסטלערישן טאלאנט, אומעטום טרעפט ער איצט פּאראכטונג און שפּאָט.

אָבער דאָ איז דאָך אָנגעצייכנט אן אוטאָפּאָרטרעט, דאָס איז דאָך ניט נאפטאָלי מענקין, נאָר בעפּיירעש דאָוויד פּינסקי אליין. עס איז דאָך די אייגענע טרויעריקע און אומגליקלעכע אווטאָביאָגראפיע.



דאָוויד פּינסקיס ליטעראטור-טעטיקײַט ציילט שוינ העכער פיר צענדליק יאָר. אינ 1932 יאָר האָט די בורזשואזע וועלט געפּײַערט דעם יובילײ פונ דאָוויד פּינסקיס ליטעראַרישער שאפונג. בורזשואזע רעאקציאָנערע ליטעראטנ האָבנ דאנ פּינסקינ געקרוינט פאר א קלאסיקער, פאר א נאציאָנאלנ קלאסיקער (ציִעניסטישער „הײַנט", אמעריקאנער „צוקונפט"). די דאָזיקע קרוינ האָט דאָוויד פּינסקי באקומענ, פארשטייט זיכ, ניט פאר דער נעבעכדיקער קונסט פונ זײַנע דראמעס, נאָר פאר דעם רעאקציאָנערנ, נאציאָנאליסטישנ אינהאלט פונ זײַנע דראמעס אונ דערציילונגענ, פאר זײַנ ציִעניסטישער טעטיקײַט.

אונ עס איז כאראקטעריסטיש, וואָס אינ פּינסקיס יובילײ-פײַערונגענ איז קימאט ווי אינגאנצנ פארשוויגנ געוואָרנ דער ערשטער עטאפּ פונ זײַנ שאפונג, יענער עטאפּ, וואָס האָט דאָוויד פּינסקינ אפּ א צײַט פארבונדנ מיט דער ארבעטער-באוועגונג.

1932

# אינ די ערשטע רייענ

(וועגנ גאָטע לוריעס „דער סטעפ רופט“)

## I

„דער סטעפ רופט“ האָט באלד באמ דערשיינענ ארויסגערופנ א גאנצ היפשע צאָל ארטיקלענ: דריי ארטיקלענ זיינענ געווענ אינ כאר־קאָווער „פראָליט“ נומער 5־6 פארנ 1932־טנ יאָר — צווייגס, דאָברושינס, דרוקערס; אינ מינסקער זשורנאל „שטערנ“ נומ. 8,7,6, פארנ 1932־טנ יאָר איז געווענ אָפגעדרוקט א גרויסער ארטיקל פונ א. וואָראָבייטשיק, אונ מיר האָבנ געהאט נאָכ אייניקע ארטיקלענ אינ אונדזער פרעסע.

ווי באוווסט, האָבנ ניט אלע דערשינענע ביכער בא אונדז אזא גרויסע אינ צאָל קריטישע ליטעראטור. מע וואָלט דעריבער זיכ גע־קענט העכסט פרייענ, ווענ אינ די פיל ארטיקלענ וואָלטנ אויכ ניט געווענ פיל פאלשע איינשטעלונגענ, ווענ אייניקע אווטערס פונ די קריטישע ארטיקלענ וואָלטנ ניט היפש אָנפלאָנטערנ.

פריער פאר אלצ האָבנ אייניקע כאווייריִמ אָנגעווענדט זייער א פאלשנ „שעפערישנ“ מעטאָד. א מעטאָד, וואָס מיר טרעפנ אימ גאנצ אָפט, צום באדויערנ, אינ אונדזער קריטישער ליטעראטור. מע ווארפט זיכ ארופ אפנ שרייבער מיט גאנצע סעריעס טײַנעס: דאָס האָסטו ניט באשריבנ, יענצ האָסטו דורכגעלאָזנ, ניט באמערקט, פארזענ, אונ עס גייט אוועק א קריטישער אנאליז פונ דעם, וואָס עס איז גראָד נ י ט אָ אינ בוכ, אונ דאָס אלצ שטערט שוינ, נאטירלעכ צו באהאנ־דלענ דאָס, וואָס איז י אָ ד אָ אינ בוכ.

עס איז בֿעפֿײרעש קעדײַ צו פֿארצײכענענ עטלעכע אזוינע בײַ־שפּילנ:

דער כ׳ וואָראָבײטשיק האָט אויסגעזועצט קעגנ דעמ כ׳ נאָטע לוריע אזוינע טײַנעס: „לוריע האָט ניט גענומענ די קאָלעקטיווויזאציע אינ גאנצנ קאָנטעקסט פֿונ דער סאָציאַליסטישער רעקאָנסטרוקציע פֿונ דער פֿאָלקסווירטשאפֿט ביכלאל״, „לוריע האָט ניט פֿארבונדנ די פֿראגע פֿונ קאָלעקטיוויזאציע מיט דער אקטועלער פֿראגע וועגנ לײזנ די טווע-פֿראָבלעמ אונ רויוואַרג־פּראָבלעמ״, „לוריע האָט ניט באוויזנ די סאָווירטנ״. אונ כ׳ וואָראָבײטשיק באשרײַבט דערנאָכ, ווי וויכטיק אונ נײטיק די אלע פּראָבלעמענ זײַנענ פֿאר אונדז, זײער ראָליע אונ באטײַט אינ אונדזער סאָוועטישנ לעבנ. אונ פֿונ די ווירטשאפֿט־צווײַגנ, וואָס בילדנ אינ סאכאקל „די פֿאָלקסווירטשאפֿט ביכלאל״, גײט דער כ׳ וואָראָבײטשיק באלד איבער צו לעבעדיקע מענטשנ: „לוריע האָט אינגאנצנ ניט באמערקט דעמ דאָרפֿלערער״, „אונ קײנ אָנפֿירער מיט דער פּיאָנער־מאכנע איז אויכ עפּעס ניטאָ״. אינ קלאמערנ מאכט דערבײַ דער כ׳ וואָראָבײטשיק א גאנצ לאָגישע אונ נאטירלעכע באמערקונג: „אינ בוריאנאָווקע איז פֿאראנ א שול-געבײַדע, פֿאראנ א היפּשע פּיאָנערישע אָרגאניזאציע — איז דאָכ מיסטאָמע געווענ א שול מיט א לערער אויכ״. ווי זשע האָט אהינגעטאָנ נאָטע לוריע דעמ לערער אונ דעמ אָנפֿירער מיט דער פּיאָנערנ־מאכנע?

אונ דער פֿארשטאָרבענער קריטיקער, דער כ׳ צווײַג האָט אויכ ארויסגעשטעלט א גאנצ צעטל טײַנעס צומ כ׳ לוריע: „ווו איז דער דאָרפֿראט? זײַנע פֿארשײדענע טוער? ווו איז דער ראיאָנראט? ווו איז די מטס.? די קאָאָפּעראציע?.. ווו איז דער פּעריאָד פֿונ באגרענעצנ אונ ארויסשטויסנ דעמ באלעגופֿ״?... ווו איז די באשרײַבונג פֿונ דעמ, „וואָס די ראטנמאכט האָט געטאָנ פֿאר דער מיטל-אונ אָרעמפֿויערשאפֿט אינ מעשעכ פֿונ די יאָרנ אָקטיאבער־רעוואָליציע?״ („פּראָליט״ נומ.5 — 6 פֿארנ 1932 יאָר, ז. 151). דער כ׳ צווײַג האָט באשולדיקט אויכ נאָטע לוריענ, לעמײַ עס פֿעלנ בא אימ די קלײקוידעש: „עפּשער האלט לוריע, אז די ייִדישע קלײקוידעש זײַנענ געווענ אינגאנצנ פּאסיוו אינ אָט דעמ פּעריאָד פֿונ בלוטיקע קאמפֿנ פֿארנ סאָציאַליזמ?״ (דאָרט, ז. 153).

דער „שעפערישער מעטאָד“ פונ אנאליזירנ דאָס, וואָס דער שרייַבער האָט דאפקע ניט אָנגעשריבנ, איז דאָ דערפירט צומ שארפסטנ קאָמיזמ. וואָרעמ, קעדיי צו באפרידיקנ די „אפעטיטנ“ פונ די אָנגערופענע קריטיקער, וואָלט מענ דאָכ באדארפט אָנשרייַבנ א ראָמאנ פונ א באלזאקישנ מאסשטאב, אונ דאָ האָט דער כ׳ לוריע לעסאטע אָנגעשריבנ דעמ ערשטנ בוכ אפ א באשטימטער אונ, נאטירלעכ, באגרענעצטער טעמע.

אונ וועגנ דעמ, וואָס אינ „סטעפ רופט“ איז יאָ דאָ, האָט דער כ׳ וואָראָבייטשיק אזוי געשריבנ:

„דעמ יידישנ לייענער וועט עפשער אמאָל פארדריסנ, וואָס פונ לוריעס ראָמאנ קאָנ ער ניט באקומענ קיינ שומ פאָרשטעלונג וועגנ דעמ הייַנטיקנ יידישנ דאָרפ“ (מייַנ אונטערשטרייַכונג. — ש. ק.). אונ ארגומענטירט האָט ער דאָס אזוי: „מיר ווייסנ דאָכ, אז צווישנ די דרייַ הונדערט טויזנט יידישע פויערימ פונעמ סאָוועטנ-פארבאנד געפינענ זיכ עפשער נאָכ א דרייַ צענדליק טויזנט אלטע יידישע קאָלאָניסטנ, אז יידישע דערפער אָנ נייַע איבערוואנדערער זייַנענ איצט א זעלטנהייט“ („שטערנ“, נומ. 6 פארנ 1932).

לוריעס בוכ איז געקומענ ווי א קינסטלערישע רעאגירונג אפנ היסטאָרישנ יאָר 1930, אפנ ערשטנ יאָר פונ דער דורכויסיקער קאָלעקטיוויזאציע אונ פונ דער ליקווידירונג פונעמ באלעגופנטומ אלס קלאס אפ דער דאָזיקער באזע.

לוריע האָט די אלע פראָצעסנ באוויזנ אפ א מאטעריאל פונ אנ אלטנ יידישנ דאָרפ, אפ א מאטעריאל, וואָס ער האָט גוט „איבערגעקלערט, איבערגעלעבט, איבערגעפילט“, אָבער די געשילדערטע פראָצעסנ שפילנ זיכ דאָכ אויכ פאנאנדער אינעמ נייַעמ יידישנ דאָרפ! שפילנ זיכ דאָכ אויכ פאנאנדער אינעמ גאנצנ לאנד!

כ׳ וואָראָבייטשיק האָט פארשמעלערט אונ באגרענעצט דעמ באטייַט פונ „דער סטעפ רופט“ מיט דרייַ צענדליק טויזנט אלטע יידישע פויערימ איבער דעמ, וואָס ער האָט אינ גרונט פונ זייַנ קריטיק געלייגט אריפמעטיק אונ ניט מארקסיסטישע מעטאָדאָלאָגיע...

דער כ׳ צווייַג האָט באשולדיקט לוריענ אינ דעמ, וואָס ער האָט „צופיל אכט אונ אופמערקזאמקייט אָפגעגעבנ דעמ קאָנסערוואטיוונ אונ

פארקאָנסערווירטנ אינדיווידואל, מיטלפויער" („פּראָליט", 5 — 6). צוויַיג האָט אפילע געפּרווּט מאָביליזירנ קעגנ „דער סטעפּ רופט" דעמ כ' סטאלינס באוווּסטע ארויסזאָגונגענ וועגנ דעמ אונטערשייד צווישנ דעמ ראטנפארבאנדישנ פּויערטומ אונ דעמ מיַירעוו־אייראָפּייִשנ פּויערטומ אונ געמאכט דערפונ אנ אויספיר: כ' סטאלינ, ווי עס איז צו זענ, לייקנט אינגאנצנ אָפּ די עקזיסטענצ פונ די „שעפּטלעך" בא אונדז, אלנפאלס ווי א טיפּישע דערשיַינונג (מיַינ אונטערשטריַיכונג, — ש. ק.). איז געקומענ כ' לוריע אונ האָט מיט מיַיסטערשאפט געשאפנ א פויער, א טיפּ, וואָס איז אינ די באדינגונגענ פונ דער ראטנמאכט אנ אנאכראָניזמ (דאָרט, דעמ כ' צוויַיגס אונטערשטריַיכנ).

כ' סטאלינ רעדט וועגנ דעמ, אז „טאקע דערפאר, וואָס בא אונדז איז ניטאָ קיינ פּריוואט־אייגנטומ אפ ערד, איז אויכ בא אונדז ניטאָ יענע קנעכטישע צוגעבונדנקיַיט פונעמ פּויער צו דער ערד, וואָס איז פאראנ אפ מיַירעוו. אונ דער דאָזיקער אומשטאנד קאָנ נישט ניט פארלייַכטערנ דעמ איבערגאנג פונ דער קליינפּויערשער ווירטשאפט אפ די רעלסנ פונ קאָלווירטנ" (רעדע אפ דער קאָנפערענצ פונ די מארקסיסטנ־אגראַרניקעס, דעקאבער 1929 „פּראגנ פונ לעניניזמ", 9, רוסישע אויסג., 1933 יאָר, ז. 448). כ' סטאלינ רעדט וועגנ דעמ, אז דער פּריוואט־אייגנטימערישער אינסטינקט איז באמ מיַירעוו-אייראָפּייִשנ פּויערטומ שטארקער. באמ כ' צוויַיג באקומט זיכ אָבער, אז כ' סטאלינ לייקנט אינגאנצנ אינ דער עקזיסטענצ פונ דעמ פּריוואט־אייגנטימערישנ אינסטינקט אינ סאָוועטישנ דאָרפ, אונ אז לוריעס „שעפּטל" איז דורכויס א מיַירעוו-דערשיַינונג.

באמ כ' צוויַיג זיַינענ שוינ די סאָוועטישע פּויערימ פּארטיקע סאָציאַליסטנ, די שעפּטלעכ זיַינענ אנ אנאכראָניזמ: „די געזעלשאפטלעכע פונקציע פונ א שעפּטל איז אנ אבסאָליוט נישטיקע" (דאָרט). אונ ער באדויערט, וואָס נאָטע לוריע האָט אזויפיל „קינסטלערישע ענערגיע פארשווענדט" אפ אָט דעמ דאָזיקנ „פארמאבל־מענטש". צי האָבנ מיר דאָ ניט צו טאָנ מיט אויסגעשפּראָכענעמ „לינק"-רעכטנ אָפּאָרטוניזמ?

דער XVI פּארטיי-צוזאמענפאָר האָט אָנגעוויזנ, אז אינ די קאָלווירטנ „פארענדיקט זיכ ניט, נאָר עס הייבט זיכ ערשט אָנ דאָס

לערנען דאָס פּריוואַט־אייגנטום סאָציאַליסטישע בויונג, ערשט אין די קאָל־ווירטן וועלן די פּויערים ענדגילטיק אויסלעבן די קליין־אייגנטימערישע פּסיכאָלאָגיע, דעם דורשט צו פּריוואַט־ווירטשאַפטלעכער אָנזאַמלונג, וואָס זיי האָבן געיאַרשנט פון דורות קליינע פּריוואַט־אייגנטימער" (פון דער רעזאָליוציע „וועגן דער קאָלווירטישער באַוועגונג און דעם אופשטייג פון דער לאַנדווירטשאַפט").

דאָ וועט אויך זיין צום פּלאַץ דערמאָנען דעם כ׳ סטאַלינס אַרויס־טרעטונג אויפן ערשטן אַלפאַרבאַנדישן צוזאַמענפאָר פון די קאָלווירט־ניקעס־שלאָגלער. דער כ׳ סטאַלין האָט זיך דאָרט גענוי אָפּגעשטעלט אויף די ספּייקעס, וואָס לאָזן איצט ניט רוען א טייל האָרעפּאַשנעם פּויערטום.

שעפּטל געהערט טאַקע צו אָט דעם טייל האָרעפּאַשנעם פּויערטום, וואָס טראַכט, „צי איז ניט בעסער צו וואַרטן מיטן אַריבערגיין אויפן נייעם קאָלווירטישן וועג"! די פּאַרטיי גיט אָפּ גרויס אויפמערקזאַמקייט דער „שעפּטל"־פּראָבלעם, און באַם כ׳ צווייג איז שוין די פּראָבלעם לאַנג א געלייזטע.

מיטן צונישט מאַכן די „שעפּטל"־פּראָבלעם האָט צווייג, אין טאָג געווערט, צונישט געמאַכט דעם באַדייטנדיקן סאָציאַל־קינסטלערישן ווערט פון „דער סטעפּ רופט".

## II

די צענטראַלע פּראָבלעם, וואָס לוריע האָט זיך געשטעלט אין זיין בוך „דער סטעפּ רופט", איז די מאַקסימאַלע אַנטבלויזונג, די מאַקסימאַלע דעמאַסקירונג פונעם פּריוואַט־אייגנטימערישן אינסטינקט באַם פּויער. דערצו האָט לוריע גענומען א טיפּ פון א שטאַרקערן מיטלפּויער, וואָס איז באַזונדער פּילבאַר צום פּרינציפּ פון פּריוואַט־אייגנטום. ער האָט גענומען, אַזוי צו זאָגן, א מוסטער, א „פּאַרענדיקטן" עקזעמפּליאַר אין דעם דאָזיקן זינען. דאָס זעלבע האָט לוריע געטאָן באַם אויסוויילן די סוויווע און דאָס אָרט פאַר דער גאַנצער האַנדלונג. בוריאַנאָווקע איז זיכער א סימבאָלישער נאָמען. עס באַטייט סאָציאַלער בוריאַן, סאָציאַלער ווילדגראָז. און אין אָט דעם סאָציאַלן בוריאַן, „אין אָט דעם אַלטן

זומפּיקן לעבן" וועלן זיך אַרײַנרײַסן די עלקעס און וועלן אופרו־
דערן דעם כוטער. דער נײַער, דער קאָלווירטישער וועג וועט אין
בוריאַנאָווקע זיך אָנשטויסן אַף גרעסערע שווערקײַטן, ער וועט זיי
אָבער באַזיגן. און דאָס האָט זיך אונטערגענומען באַווײַזן נאָטע
לוריע.

ער האָט זײַן ראָמאַן געבויט אַף אַ צוזאַמענשטויס פון צוויי
פאַרשיידענע סאָציִאַל־פּסיכאָלאָגישע טיפּן, אַפן צוזאַמענשטויס עלקע—
שעפּטל.

דאָס בויען דעם ראָמאַן אַפן צוזאַמענשטויס צווישן די צוויי
פאַרשיידענע קעגנזעצלעכע סאָציִאַל־פּסיכאָלאָגישע פיגורן האָט געגעבן
אַ גרעסערע מעגלעכקײַט צו אַנטבלויזן טיפער זייערע פאַרשיידענע
פּסיכאָלאָגישע שטריכן. לאָמיר פאַרצייכענען אייניקע כאַראַקטעריס־
טיקעס, וואָס עס גיט נאָטע לוריע.

כאַראַקטעריסטיק נומ. 1.

צווישן שעפּטלען און עלקען גייט אַ שמועס וועגן קאָלעקטיוו:

— אין קאָלעקטיוו, האָדיע... פאַר מיר איז כאָנצע קיין שפּאַן
ניט. איך וויל אַף קיינעם ניט האָרעווען...

זי האָט אים פלוצעם אַ כאַפּ געטאָן פאַרן האַלדז און אַ שלעפּ געטאָן
צו זיך.

— ווער איז פאַר דיר יאָ אַ שפּאַן?

— דו...

— ווער? — האָט זי געשמייכלט, — ווער?..

— מיט דיר... אַליין קען איך אַפן סטעפּ ניט אַרבעטן, דער
סטעפּ האָט ליב הענט, שווייס דאַרף די ערד, און איך האָב נאָר
צוויי הענט. איינעם אָט האָבן מיר... — ער האָט געפילט, אַז אין מויל
איז אים שטאַרק טרוקן געוואָרן.

— מיט פיר הענט, זאָגסטו, איז גרינגער? — האָט זי מיט אַ
בוריאַן איבערן האַלדז אים אַ שמיץ געטאָן.

ער האָט זי אָנגעכאַפּט און אַ שלעפּ געטאָן צו זיך.

— מיט פיר הענט איז אַנדערע ווערטער... וועסט זען, מיט פיר
הענט... הו...

— און מיט צען, מיט צוואַנציק, מיט הונדערט הענט?!

ער האָט זיכ א כאפּ געטאָנ, ווי מע וואָלט אים מיט א קאָפּיטע איבערנ קאָפּ געגעבנ.

מיט צוואנציק, מיט הונדערט, האָדיע!.. („דער סטעפּ רופט", ז. 130—131).

סארא איבערצײַגנדיקע קינסטלערישע שילדערונג פונ צוויי קעגנזעצלעכע אָנשויונגענ, סאָציִאַליסטישער אונ פּריוואט־אייגנטימער־רישער, עס ווערט דאָ געגעבנ אינ דער דאָזיקער „דיסקוסיע" וועגנ הענט!

אונ דער אנטבלויזטער פּריוואט־אייגנטימערישער אינסטינקט טרעט ארויס אינ לוריעס שילדערונג אינ זײַנע סאמע ווירקלעכע העסלעכע פאָרמענ.

כאראקטעריסטיק נומ. 2.

„קיינמאָל האָט נאָכ שעפּטל קאָבילעצ אזוי ניט האנאָע געהאט, ווי דעמלט, ווענ ער דערהערט, אז בא עמעצנ האָט א פערד זיכ אוועקגעלייגט, אָדער א סקאָטינקע האָט א פוס אויסגעבראָכנ, אז בא עמעצנ אינ כוטער איז די טווּע ניט אופגעאנגענ, אָדער פארברענט געוואָרנ — דעמלט האָט ער דערפילט, אז אים איז עפּעס צוגעקומענ, ער איז רײַכער געוואָרנ, אים איז בעסער" (ז. 76).

שעפּטל לעבט איבער א געפיל פונ פרייד, אים איז „שרעקלעכ גוט", „אז עס טוט אים אזש ווײ דאָס הארצ". אונ די דאָזיקע פרייד זײַנע איז ניט נאָר פונ דעמ, וואָס ער זיצט אפ זײַנ קופּע ווייצ אינ זײַנ זעמליאנקע, אונ זײַנ קעלער איז אָנגעפילט מיט פעסער געזײַ־ערטע קאווענעס, אוגערקעס, באקלאזשאנעס, נאָר דאָס געפיל פונ פרייד ווערט בא אים בעפיירעש פארשטארקט, ווענ באמ שאָכנ פײַפט דער ווינט אינ די שטאלנ אונ אינ זעמליאנקע איז פוסט אונ אינ קעלער איז וויסט...

שעפּטל איז אויכ העכסט צופרידנ, ווענ קאָוואלעווסקי ברענט, שעפּטל פילט דאנ שטארקער, אז „הינטער זײַנע פלײצעס שטייט אנ ארומגעצאמטער זײַנ הויפ, אלצ, אלצ איז דאָרט אינ אָרדענונג" (מײַנ אונטערשטרײַכונג. — ש. ק.).

כאראקטעריסטיק נומ. 3.

עלקעס טרוים איז — פארניכטנ די דורכגעפוילטע זעמליאנקעס,

פאַרניכטן דאָס אַלטע אייגנטימערישע דאָרף. „זי פילט אַזוי בוילעט, ווי די אוראַלטע ווילדקייט וועט נאָך דאָ פון די מעזשעס" (ז. 72). „דאָס טרייבט אירע בלוטן און לאָזט זי ניט איינרוען".

אַנ אומעט כאַפּט אַרום עלקען פון די מעזשעס. שעפּטלען אָבער כאַפּט אַרום אַן אומעט, ווען ער דערזעט, ווי עס ווערן אָפּגעשאַפן די מעזשעס. ער איז איינגעוואָרצלט אין זיין שטיקל ערד. אָט דער־ציילט ער עלקען (פאָרנדיק אַפן וואָגן מיט איר), ווי עס ווערט אים „סומנע".

„ער האָט זיך אויסגעדרייט צום נאַזאַרעוויטשער סטעפּ (דעם קאָ־לעקטיוויזירטן. — ש. ק.) און אָנגעוויזן מיט דער האַנט.

— סומנע... סומנע... סאַראַ סטעפּ ס'איז דאָ געוואָרן! צייט איך לעב, געדענק איך ניט, אַזש אַ ווייטעק אַ קוק צו טאָן... גאַלע ווייץ... און ווייץ... סומנע ווערט.

ער האָט לאַנג געקוקט אַפן סטעפּ מיט בענקשאַפט אין די ברע־נענדיקע פּאַסליאַן־אויגן.

— מיט אַ פּאָר יאָר צוריק איז דאָ געווען אַ כיעס. סאַראַ שיינ־קייט ס'איז געווען, מיטן אויג ניט פאַרכאַפּן!.. דאָ איז געוואַקסן ווייץ, דאָ ליין, דאָ אַ קליין גערשטן, דאָ סאָנעשקעס, דער סטעפּ איז געווען דאָ גרין, דאָ בלוי, דאָ געל... און איצט געל און געל! ניאָ, היידאַ!" (ז. 46).

און ניט נאָר שעפּטלס אויג פּראָטעסטירט קעגן אָפּשאַפן די מע־זשעס, עס פּראָטעסטירט אויך שעפּטלס אויער. שעפּטלס אויער איז צוגעוווינט צו דער מוזיק פונעם דרעש־שטיין, ער איז צוגעוווינט, אַז פון יעדן הויף באַזונדער זאָל זיך הערן די מוזיק פון דעם דרעש־שטיין (אָדער „צעפּ"). ער קען ניט פאַרליידן דעם רויש פון דער דרעשמאַשין (ז.ז. 201—202).

לוריע אַנטפּלעקט דאָ אַזוי־אַרום פאַר אונדז עפּעס אַ באַזונדערע, אַן אייגנטימערישע „עסטעטיק".

עלקען כאַפּט אַרום אַ גרויל פון דעם, „ווי עס קוואָקען נאָך די זשאַבעס. סאַראַ לאַנגווייל עס נעמט אָן" — שרייט זי אויס (ז. 129).

און שעפּטל — „וואָס קען אים זיין בעסער, שעפּטלען, ווי אײנער אַליין ליגן באַנאַכט אין סטעפּ, פּאַשען זיין קאַלב אַפּ אַ פרעמדן

קלינג און הערנ, ווי סע זשומענ די ברויע נאכטפליגנ און ווי עס קוואקענ ערגעצ דארט אינ סטאוואק די פרעש" (ז.ז. 73—76).

מע וואלט געקאנט ברענגענ נאך פיל אנדערע עפיזאדנ וועגנ די צוזאמענשטויסנ צווישנ עלקענ און שעפטלענ, עפיזאדנ, אינ וועלכע עס ווערנ אזוי בוילעט אנגעמאלט די פארשיידענע סאציאל-פסיכאלאגישע פיזיאנאמיעס פונ די געשטאלטנ, באזונדער פונ שעפטלענ: אפ אנטפלעקנ עלקענ וועט נאך דעמ שרייבער אויסקומענ היפש צו ארבעטנ אינ די ווייטערדיקע טיילנ פונעמ ראמאנ. עלקע טרעט ארויס אינעמ גאנצנ ערשטנ בוכ ווי אזא, וואס גיט דעריקער שעפטלענ א געלעגנהייט ארויסצוזאגנ זיינע טעזיס.

III

שעפטלס פיגור איז אבער אויכ נאכ ניט קיינ פארענדיקטע. אינ דער קאפיטאליסטישער געזעלשאפט, אינ באדינגונגענ פונ קלייי־נער ווירטשאפט, וועלכע „געבוירט קאפיטאליזמ און בורזשואזיע שטענדיק, אלטעגלעכ, יעדע שא, סטיכייאיש און אינ א מאסנ-מאסשטאב" (לענינ), וואלט שעפטל געווענ מיסטאמע א קאנדידאט אפ „ארויס־רוקנ זיכ" צומ באלעבאסנטומ, צו דער בורזשואזיע.

לוריע האט אינ זיינ בוכ גענומענ דעמ פעריאד פונ דורכווייסיקער קאלעקטיוויזאציע און פונ ליקווידירנ דאס באלעבאסנטומ אלס קלאס אפ דער דאזיקער באזע. די ווארצלענ פונ פאנאנדערשיכטונג זייי־נענ ארונטערגעריסנ. שעפטלס גורל איז אינ דער ווירקלעכקייט איצט צו אנטוויקלענ זיכ אינ דער קאלעקטיוויזאציע־ריכטונג; שעפטל געהערט דא, פארשטייט זיכ, צומ אריערגארד, צו די לעצטע אטריאדנ פונעמ פויערטומ, וואס וועלנ ארופטרעטנ אפנ קאלווירטישנ וועג.

אבער אפ דעמ דאזיקנ וועג וועט ער סאפקאלסאפ ארופטרעטנ. ער וועט דערוואקסנ צו פארשטיינ דאס, וואס לענינ האט „וועגנ אימ" געזאגט... די פראלעטארישע רעוואלוציע וועט א שפיל טאנ אויכ מיט שעפטלענ, זי וועט פארניכטנ זיינע ליימענע זעמליאנקע און טוכלע קלאדאווע. זי וועט אימ אויסגלייכנ אלס מענטש...

אינ לוריעס ערשטנ בוכ איז נאכ שעפטל טויב צו דעמ, וואס לענינ האט „וועגנ אימ" געזאגט. עפעס אנ אומבאשטימט פארגעפיל

איז פאראַנען באַ אים: ס'וועט „סומנע". אין די קאַפּיטלען פונעם צווייטן טייל „דער סטעפּ רופט" (פאַרעפנטלעכט אין מינסקער „שטערן") ווערט דאָס דאָזיקע „סומנע"־געפיל פאַרשטאַרקט.

די זעלבע זאַווייע, וואָס פאַרשטאַרקט לעכאַטכי־לע שעפּטלס אייגנ־טום־געפיל, ווייל ער פילט דאַן, ווי זיינע ליימענע זעמליאַנקע איז גוט אַרומגעצאַמט פון דער גאַרער וועלט, ער איז אַרומגעקוטעט אין זיינע אַלטע פעלצן, אַרומגעקוטעט ניט נאָר פון דער קעלט און זאַווייע, נאָר אַזוי ווי עפּעס פונעם גאַנצן סאָציאַלן אַרום, די זעלבע זאַווייע ברענגט איצט אומגעריכט צו גאָר אַנדערע שטימונגען. שעפּטל הייבט אָן פילן אַ סאָציאַלע איינזאַמקייט, אַן עלנטקייט. אים הייבט שוין גאָר אָן מאַטערן די אָפּגעצאַמטקייט און די אָפּגעזונדערטקייט פונעם לעבעדיקן סאָציאַלן אַרום.

„אים הייבט זיך אָן דוכטן, אַז דער גאַנצער כוטער ליגט ער־געץ אָן אַ זייט, און דאָרט גייט גאָר אַן אַנדער לעבן, אַ פרעמדס פאַר אים. און ער, אין דער פאַרשנייטער זעמליאַנקע, איז דאָ איי־נער אַליין, איינער אַליין אינעם סטעפּ, ווי אַ פאַרבלאָנדזשעטער שפּיטן, וואָס איז אָפּגעשטאַנען פון דער פּויילעכער וואָלקע, און ער מעג איצט שרייען און רופן, וועט מער ניט דער ווינט צערייסן זיין געשריי און ער וועט פאַרבלייבן אַליין מיטן ווינט. אַמאָל פליען זיך צו אים צונויפקלייבן די איבעריקע כוטאָראַנצעס. אין די ווינטער־דיקע נעכט פליען זיי קומען אין די פאַרשנייטע גרויסע פעלצן, פאַרוואָרפן איבער די קעפּ. זיי פליען זיך פאַרקלייבן אהער צו אים אונטערן אויוון, פליען רייכערן גראָבע מאַכאָרקע־ציגאַרן און אָפּהאַ־ליאַקען ביזן גראָען טאָג אַריין. און איצט קריכן זיי אַלע אהין, אין קאָלעקטיוו־הויף. זיינע שטענדיק פאַרטאַראַראַמט מיט זייערע אַסאָקים און זיינע אַוועק גאָר מיט אַן אַנדער לעבן" („שטערן" נומ. 1, 1933 יאָר, ז. 11).

ניט לייכט וועט זיך געבן שעפּטלען דער איבערגעבורט. דאָ וועט ליוריע זיך דאַרפן גוט אונטערגאַרטלען. שעפּטל איז דאָך אַ טיפּ מיט אַזאַ איינגעפונדעוועטן אינסטינקט פון פּריוואַט־אייגנטום.

דאָ וועט צום פלאַץ זיין דערמאָנען שאָלאָכאָווס בוך „אויפגעאַ־קערטע רויערד". שאָלאָכאָוו שילדערט מיטלע פּויערים, וואָס זיינען,

שוינ ארײַנגעטראָטנ אינ קאָלווירט. קאָנדראט מײַדאניקאָוו איז שוינ געקומענ צו דער איבערצײַגונג, אז בלויז דער קאָלווירטישער וועג וועט אימ ארויספירנ פונ דאלעס אונ נויט, פונ דאָרפישנ אידיאָטיזמ. קאָנדראט מײַדאניקאָוו איז דער מאָרגנדיקער שלאָגלער פונעמ סאָציא־ליסטישנ סטעפ. אָבער „מיט טרער אונ בלוט האָט ער געריסנ דעמ נאָפל, וואָס האָט אימ פארקניפט מיטנ אייגנטומ, מיט די אָקסנ, מיטנ אייגענעמ כײלעק ערד".

אינ די שלאָפלאָזע נעכט שרײַט אויס מײַדאניקאָוו:

„ווענ וועסטו שוינ אָפשטיינ פונ מיר, דו פארשאָלטענע בענקע־ניש, ווענ וועסטו שוינ אויסגעטריקנט ווערנ, דו שענדלעכער טײַוול", געמיינט דאָס אייגנטומ. די אָקסנ כאָלעמענ זיכ קאָנדראטנ, זיי מא־טערנ זײַנ נעשאָמע.

דער ווײַטערדיקער בוכ (אָדער די ווײַטערדיקע ביכער) פונעמ ראָמאנ „דער סטעפ רופט" דארפ ערשט לייזנ די פראָבלעמ פונ שעפטלס איבערגעבורט אונ לייזנ קינסטלעריש אזוי פארטיפט, ווי פארטיפט עס איז אנטבלויזט געוואָרנ אינעמ ערשטנ בוכ „דער פאר־שאָלטענער אייגנטימערישער טײַוול" בא שעפטלענ.

IV

עטלעכע באמערקונגענ איז נייטיק צו מאכנ וועגנ דער גרופע באלעגופישע געשטאלטנ.

אָקסמאנ שפירט מיט זײַנ קלאסנ־כוש, אז „ער שטייט אפ א סטאוואָק, אפ א יאמ, אפ א פארפראָרענעמ יאמ... אונ דאָס אײַז פלאצט". אָקסמאנ הייבט אָנ פילנ, אז זײַנ שפיל איז פארשפילט. דערפונ האָט געדרונגענ כ' צווײַג („פראָליט", 5—6, 1932 יאָר), אז „אָקסמאנ איז געשילדערט צעקוועטשט, ס'איז קימאט ווי ניטאָ מיט וועמענ צו האָבנ צו טאָנ". דאָס איז פאלש. אָקסמאנ לייגט דאָכ ניט אוועק דאָס געווער, אונ דאָס איז דאָכ דאָס צענטראלע אונ אנטשיידנ־דיקע. אָקסמאנ מאכט גאנצ אנדערע אויספירנ. די בלוטיקע אינטריגע קעגנ כאָנצענ, די פראָוואָקאציע מיטנ ווייצ גייט פונ אימ.

פונ אָקסמאנענ ציִענ זיכ אלע פעדעמ צו יודל פיסקונענ אונ פראָפקענ, פונ אימ גייענ אלע באלעגופישע אופטוענ. ער איז דער

באגײַסטערער פון אָרגאניזירן דעם באַלעגופישן קאָלווירט. ער איז דער, וואָס סטארעט זיך אופווירקן אפן מיטלפויער, אָפרײַסן אים פונעם קאָלווירט, און אָפטמאָל געלינגט אָקסמאמען מיט האַלוואָלעכ, מיט געבן שינעס, רעדער איבערציִען אפ זײַן זײַט די רווונ סמע־קינס, די קאַלמען זאהאָטס. אָקסמאנען זעט מען ניט מיט קיין ביקס אינ האנט. די ביקס־פונקציע האָט יודל פיסקון אָדער דער שיקער פראָפקאָ (אויכ דאָ דארפ מען האָבן א באטראַק!), אָקסמאנ איז אָבער שטענדיק באוואָפנט מיט א „אידעאָלאָגישער" קויל. אָקסמאנ פילט אויס דעריקער באַלעגופישע „אגיטפּראָפּישע" פונקציעס (זע, אשטייגער, ווי אָקסמאנ „באַארבעט" דעם מיטלפויער רווונ סמעקינ, ז. 166—167).

אזוי, אז ס'איז יאָ פאראנ מיט וועמען האָבן צו טאָן.

א צווייטער שטריכ בא אָקסמאנען, אויכ ביז גאָר א כאראקטע־ריסטישער. אָקסמאנ האלט שטארק פונ זיך און פון זײַן עקספּלואַ־טאטערישער וועלט. ער באטראכט די באַלעגופים ווי דאָס שײַנדל פונעם דאָרפ, פונעם לאנד, און ער איז דעריבער איבערצײַגט, אז מע „זויגט זײַן בלוט". „עכ, כע, כע! אָקסמאנ דער שולץ איז איצ־טער א וואָלפ אינ כוטער. איכ האָב זיי אלעמען געהאָדעוועט. זיי האָבן געפרעסן מײַן ברויט... מײַן ברויט" (ז. 65). ער איז איבער־צײַגט, אז א לעבן האָט ער אָפּגעלעבט רויִק און שיינ, ווי א לײַ־טישער באַלעבאָס. און איצט האָבן זיך גענומען די עלקעס „צערויען דעם אייגענעם הויפ, זײַן נעסט... ניט איינ הויפ האָבן זיי שוין אפ די ארומיקע כוטערס צערויעט" (ז. 89).

די קריטיק איז דאָ ווידער געקומען צום שרײַבער מיט טײַנעס: „ער (לוריע, — ש.ק.) איז שוין צוגעגאנגען א ביסל צו „אָביעקטיוו" אינ שילדערן אָקסמאנען. אָקסמאנ פילט זיך ניט שולדיק אינ גאָרנישט ניט. פארקערט, ער איז דער אומשולדיקער באַליידיקטער" (וואָראָבייטשיק, „שטערן", נום 7—8 פארן 1933 יאָר). און דערפאר, זעט אויס, מיינט כ' וואָראָבייטשיק, אז „אָקסמאנס וואָכערײַ און בלוטזויגערײַ איז שוין ניט אזוי אנטבלויזט" (דאָרט).

דאָס איז א גרויסער טאָעס, א פארדריסלעכער, ער קאָן פאר־פירן דעם פּראָלעטארישן שרײַבער אפ פאלשע וועגן.

לויט וואָראָבייטשיקנ קומט אויס, אז אָקסמאנ אליינ דארפ פילנ, אז ער איז א וואָלפ אונ עקספּלואטאטער, ער איז אלצ, „וואָס אינ דער קאָרט". אָבער דאָס וואָלט דאָכ געווענ פאלש. אָקסמאנ קאָנ דאָכ אזוינס ניט פילנ. פאָלגנ וואָראָבייטשיקנ הייסט אָפּנעמענ באמ סאָוועטישנ שרייבער די מעגלעכקייט אָביעקטיוו צו שילדערנ גע־שטאלטנ פונעמ פיינטלעכנ קלאס.

די בורזשואזיע האָט שטענדיק באטראכט די בורזשואזע געזעל־שאפט פאר דער סאמע נאטירלעכסטער אונ גערעכטסטער. זי האָט שטענדיק באטראכט די קאפּיטאליסטישע וועלט פאר א וועלט, וואָס איז געבויט „אלפּי דינ, יוישער אונ מענטשלעכקייט". די דאָזיקע בורזשואזע איליוזיעס האָבנ ניט איינ מאָל אונטערשטרייכט מארקס אונ לענינ.

יודל פּיסקונ איז אויכ אנ אינדיווידואליזירטע פיגור פונ א באלעגופּ מיט אויסגעשפּראָכענע „נאציאָנאלע" אטריבוטנ. אינ זיינע באלעגופּישע מיי־נימ איז דאָ דערפארונג פונ יידישע טאָכרימ אונ קרעמער. מיר האָבנ דאָ אינזינענ יודל פּיסקונס סאָכריש קרעמערישע קאָמבינאציעס מיט די געהאנדלטע אונ פארהאנדלטע פערד. אָט די „סטראכאָוועקע" זיינע.

מיר קאָנענ אָבער בעשומויפנ ניט מאסקימ זיינ מיט דער ווייַ־טערדיקער אנטוויקלונג פונ דער דאָזיקער באלעגופּישער געשטאלט אינ די אָפּגעדרוקטע קאפּיטלענ פונעמ צווייטנ בוכ „דער סטעפּ רופט".

יודל פּיסקונ ווערט פלוצלינג אנ אָנפירער אינ קאָלווירט (צי דער ווירטשאפט־פארוואלטער, צי דער פּאָרזיצער — ניט קענטיק). אָבער די דאָזיקע פיגור איז דאָכ זייער שטארק קאָמפּראָמעטירט, אלע האָבנ צו אימ קיינ צוטרוי ניט. כאָנצע פּאקט אימ שיר ניט, ווענ ער „קאדוישעט" באנאכט די שקאפע אינ שטאל. די געשיכטע מיט די „סטראכאָוועקעס" איז אנ אופגעדעקטער סאָד ניט נאָר פאר די לעזער. אלע האָבנ א באשטימטנ געפיל, אז יודל פּיסקונ איז פארמישט אינ אלע מיעסע באלעגופּישע געשיכטעס, וואָס פארלויפנ זיכ אינ בוריאנאָווקע.

יודל פּיסקונ טרעט ארייַנ אינ קאָלווירט אונ סימולירט, גייט ניט ארויס אינ סטעפּ (שיקט זיינ יינגל). מע שיסט אינ עלעקנ, אונ „פאר אירע אויגנ האָט א פינטל געטאָנ דאָס פייַערל אינ יודל

פיסקונס כאטע און באלד זיכ אויסגעלאָשנ״ (ז. 207). יודל פיסקונ פארשפרייט דעמ באלעגופישנ פראָוואָקאטערישנ קלאנג וועגנ סאפ: אינ יאניסל זײַנענ שוינ „פופציק פערד פארסאמט געוואָרנ״, ארומ די פערד האָבנ זיכ „פארזאראזעט דרײַ גויִמ״ (שטערנ, נומ. 2 פונ 1933 יאָר). און וואָס איז באזונדערס וויכטיק: יודל פיסקונ רופט דאָ ווידער ארויס בא עלקענ אומצוטרוי, א כשאד. און דאָכ ווערט דער דאָזיקער פארשוינ אנ אָנפירער אינ א קאָלווירט.

עס קומט אפנ זינענ א געשטאלט פונ א באלעגופ, אנ אָנפירער אינ קאָלווירט (ווירטשאפט-פארוואלטער), בא שאָלאָכאָוונ אינ דער „אופגעאקערטער רויערד״. וויִאזוי שילדערט אימ שאָלאָכאָוו?

יאקאָוו לוקיטש ברויזט מיט ענערגיע, ער טראָגט זיכ ארומ מיט צענדליקער פראָיעקטנ, וואָס אייניקע פונ זיי זײַנענ אפילע געווענדט צומ פארשטארקנ דעמ קאָלווירט. יאקאָוו לוקיטש פארהיט די פערד (האָבנדיק דערבײַ אינגאנצנ אנדערע צילנ — באהערשנ „די פארטיקע פאָרמ פונ מאסנ־אָרגאניזאציע״ — די קאָלווירטנ און פארוואנדלענ זיי אינ קאָנטררעוואָליוציִאָנערע שטיצפונקטנ). ער איז פאר א קולטורעל־אווקגעשטעלטער ווירטשאפט. ער האָט גראמעטעס פונ א ריי סאָוועטישע אָרגאניזאציעס. אינ דער זעלבער צײַט איז ער איינער פונ די אָנפירער פונ דער ווײַסגווארדייִשער אָרגאניזאציע „צו באפרײַענ דאָנ״, זײַנ טרוימ — דאָס איז דער טרוימ פונעמ יעסאול פאָלאָווצעוו — דערטרינקענ אינ בלוט די ראטנמאכט... דאָס איז א טיפישע געשטאלט פונ א באלעגופ א שעדיקער, וועגנ וועלכנ עס האָט גערעדט דער כ׳ סטאלינ אפנ יאנוואר־פלענומ אינ זײַנ פאָרטראָג „וועגנ דער ארבעט אינ דאָרפ״.

באמ כאווער לוריע האָבנ מיר ניט — אינ זײַנע נײַע פארעפנטלעכטע קאפיטלענ — אזוי קלאָר געשילדערט די נײַע פאָרמענ און מעטאָדנ פונ קלאסנקאמפ אינ דאָרפ.

V

אויסערסט באטירלעכ אנטוויקלענ זיכ אינ „דער סטעפ רופט״ די געשעענישנ. פונ קאפיטל צו קאפיטל וואקסנ זיי אָנ. דער צוזאמענשטויס שעפטל — עלקע הייבט זיכ אָנ פונעמ ערשטנ זײַטל אָנ

און ווערט באוואָקסן מיט נײַע און נײַע קאָנפליקטן. די דאָזיקע קאָנפליקטן בילדן א פעסטע סיוזשעטישע אקס אינעם ראָמאן. די שעפּטל — עלקע-געשיכטע איז ניט קיין אויסערלעכע ראם, נאָר טאקע די אקס פונעם ראָמאן, זי פארקערפּערט, אזוי צו זאָגן, די אלע געשילדערטע פּראָצעסן. צום סאָף בוך האָבן מיר שוין א געשלאָסענעם ציקל געשעענישן, צווישן זיך שטארק באהעפטע. די פײַנע קאָמפּאָזיציע פונעם בוך רעדט וועגן דעם, אז לוריע האָט גוט באהערשט דעם מאטעריאל.

נאָטע לוריע האלט די גאנצע צײַט דעם לעזער אין שפּאנונג, ווײַל ער שטעלט שטענדיק זײַנע פּערסאָנאזשן אוועק אין שארפע סיטואציעס. עס ווילט זיך בעפּיירעש ויסן, וויאזוי זיי וועלן זיך אופירן. דאָס איז באזונדער שײַעך עלקען (איריע באציונגען מיט שעפּטלען, איר אופירן זיך אפ די קאָלווירטישע פארזאמלונגען, איר רעאגירן אפן באלעגופישן בילבל).

לוריע דעקט זײַנע פּערסאָנאזשן אוף ניט דורך דעם, וואָס ער רעדט זיי אורום, נאָר דורך דעם, וואָס ער הייסט זיי האנדלען און אין זייער האנדלונג דעקן זיי זיך אוף (שעפּטל, יודל פּיסקון, אָקסמאן).

לוריע שפּילט זייער געראָטן מיט דער קינסטלערישער דעטאל. די דעטאל מאכט נאָך בולטער דעם כאראקטער אָדער דעם געשילדערטן סאָציאלן פּראָצעס. וועגן דער „הענט"-דיסקוסיע האָבן מיר שוין אויבן גערעדט. עס איז קעדײַ צו ברענגען נאָך א פּאָר בײַשפּילן: „שעפּטל איז געזעסן און געשוויגן. דער ציגאר האָט זיך שוין געהאט פארלאָשן. ער האָט צעדרייט דאָס פּאפּיר און ארײַנגעשאָטן דאָס ביסל צוגערויכערטע מאכאָרקע אין קעשענע" (ז. 90). ס'ארא העלע שײַן עס ווארפט דער דאָזיקער שטריך אפ שעפּטלס אייגנטימערישן כאראקטער און רײַסט אים גלײַכצײַטיק אוף. מיט דעטאלן ווערט אויך אופגעריסן מאטעס. און ווי פײַן עס איז געשילדערט די שפּיל, וואָס גייט אָן צווישן דעם שײַן פון רויטן ווינקל און יודל פּיסקונס כאטע (ז. 66). אָט די שפּיל דערציילט שוין אליין, וואָס פארא בלוטיקע געשיכטעס עס גרייטן אָקסמאן און יודל פּיסקון בא די פארהאנגענע פענצטער.

נאָטע לוריע האָט געשאַפנ פאַרגעדענקלעכע געשטאַלטנ פונ דעמ פעסטנ מינלפויער — שעפּטל, פונ די באַלעגופימ — אָקסמאַנ, יודל פּיסקונ. נאָטע לוריע האָט אָבער אינעמ ערשטנ בוכ ניט באַשאַפנ קיינ פאַרגעדענקלעכע געשטאַלטנ פונ די קאָמוניסטנ־אָנפירער, פונ די יעניקע פויערימ, וואָס האָבנ געמאַכט דעמ אַנטשיידענעמ קער פונעמ „דאָרפישנ אידיאָטיזמ" צו דעמ נייעמ וועג, דעמ „קאָלווירטנ־וועג".

פונ אָנהייב בוכ האָט לוריע אָוועקגעשטעלט פאַר אונדז כאָנצעג, ווי ער הערט די הודזשעריי פונעמ טראַקטער, וואָס טראָגט זיכ פאַרנעמ קאָלעקטיוויזירטנ קאָוואַלעוווסק, אונ ער פילט, אַז איצט ווערט אינ גרונט אופגעריסנ „די גרויסע אונ אומענדלעכע אָרעמקייט, וואָס די כוטעראַנצעס האָבנ מיט זייער שווערער פראַצע, מיט זייער שווייס אונ בלוט דאָ אָנגעלעבט. אַזאַ גרויסע אונ אומענדלעכע אָרעמקייט, אָט דאָ אַפ די שוואַרצערדיקע אוקראַינישע סטעפּעס, ווו עס גייט אופ אַזאַ גרויסע זאַפּאָראָזשער זונ אונ ווו עס גיסנ אָפּט וואַרעמע שלאַקסרעגנס, אונ די ערד איז אַזאַ פעטע אונ אַזאַ זאַפטיקע, אַזאַ פרוכטבאַרע שוואַרצערד" (ז. 26).

אָבער צו א קינסטלערישנ שעפּטל־אַנטיפּאָד איז כאָנצע ניט אויסגעוואָקסנ, בייס עס זיינענ גראָד געווענ אַלע באַדינגונגענ דערצו. דעמ גרויסנ בלויז וועט לוריע דאַרפנ פאַרפילנ אינ די קומענדיקע ביכער פונ „דער סטעפ רופט".

מיר האָבנ אויבנ באַוויזנ, ווי פרוכטבאַר עס איז געווענ בא נאָטע לוריענ דער מעטאָד פונ בויענ דעמ ראָמאַנ אַפ דעמ צוזאַמענשטויס פונ די צוויי סאָציאַל־פּסיכאָלאָגיש קעגנזעצלעכע פיגורנ. ווי שטאַרק אינטימ לוריע איז ניט צוגעגאַנגענ צו זיינ פּערסאָנאַזש, האָט ער אימ דאָכ געגעבנ אַפ א ברייטנ געזעלשאַפטלעכנ פאָנ, אונ וואָס עס איז באַזונדערס אינטערעסאַנט: אינ דער אינטימקייט האָט לוריע אַנטפּלעקט א סאָציאַלנ טאָכ. דאָס איז זייער וויכטיק, אָבער געוויסע שפּורנ פונ „באַנאַכט אַפ פאַשע", שפּורנ פונ פאַרביאָלאָגיזירנ די פּערסאָנאַזשנ זיינענ דאָכ געבליבנ אינ דעמ „סטעפ רופט".

אָט די שפּורנ זיינענ גראָדע מער דאָ אינ דער נאַסטיע־געשטאַלט, איידער אינ די עלקע—שעפּטל־באַציונגענ, כאָטש אויכ אינ די עלקע—שעפּטל־באַציונגענ זיינענ ניט אינגאַנצנ באַגרינדעט עלקעס ציע-

נישנ צו שעפּטלענ, דאָס פויערישע מײדל נאסטיע דערשײַנט אָבער פאר אונדז א דורכויס פארביאָלאָגיזירטע, אזא זעענ מיר זי אינ אלע זעקס פאלנ, ווּ זי ווײַזט זיך פאר אונדז אינ דעמ „סטעפּ רופט“, אונ אָט גײט זי שוינ אינ רויטנ ווינקל, פארקערעוועט זי דער שרײַבער אינ דער ריכטונג צומ האָבער. זי איז מאמעש אראָפּגעקומענ פונ „באנאכט אפ דער פאשע“. דער ביאָלאָגישער אינסטינקט אירער פארשטעלט פאר איר איגנאנצנ דעמ סאָציאלנ געפיל. זי באטראכט אלע דערשײַנונגענ, דעמ גאנצנ ארומ פונעמ שטאנדפּונקט פונ אירע באציונגענ מיט קאָפּלדינערנ. קורצ גערעדט, אינ דער נאסטיע־שילדערונג האָט דער כ׳ נאָטע לוריע היפּש געזינדיקט אינ פראט פונ „פארביאָלאָגיזירנ“, דאָס איז אָבער אינ קײנ פאל ניט די גרונטליניע באמ כ׳ לוריע. כ׳ לוריע האָט גראָד געשאפנ א בוך מיט א גרויסנ סאָציאלנ באטײַט...

עס פאסירט זעלטנ, אז א שרײַבער זאָל קומענ מיט א בוך אנ ערשטלינג אונ זאָל זיך באלד קאָנענ שטעלנ אינ די פעדערשטע רײענ פונ א ליטעראטור. מיט נאָטע לוריע האָט עס פאסירט.

1933.

# קאַפּיטאַלען געשיכטע פון בירגערקריג

(וועגן ש. גאָדינערס ראָמאַן „דער מענטש מיט דער ביקס")

ש. גאָדינערס ראָמאַן „דער מענטש מיט דער ביקס" באַשעפטיקט זיך מיט דער צעוואַלגערונג פון דער ריזיקער צאַרישער אַרמיי און מיטן אויפקום, מיטן געבורט פון דער נייער, דער רעוואָלוציאָנערער אַרמיי. די ערשטע קאַפּיטלען פונעם ראָמאַן זיינען געווידמעט דער שילדערונג פונעם דראַנג און די בענקענישן פון די אויסגעמאַטערטע סאָלדאַטן פון דער צאַרישער אַרמיי „צו דערזען אַ פּיצל ערד ניט צע־גראָבן אין שוצגראָבנס, ניט אַרומגעפלאָכטן מיט שטעכ־דראָט, ניט צעפּאָקט פון האַרמאַטן-קאַנאָנאַדעס, דערזען אַ מענטשעלעכן יישעוו ניט קיין רוינירטן, מיט באַהאַלטענע קוימענס הינטער די דעכער, מיט גאַנצע שויבן און צוגעקליבענע צימערן, מיט וואַרעמער דומפּקייט פון אָנגעזעסענע ערטער" (1. בוך, ז. 70).

און באַם שילדערן די ציִענישן און בענקענישן פון די מידע סאָלדאַטן צו אַ פרידנ־לעבן ווערט גאָדינער ניט געשטרויכלט אַפּ פּאַ־ציפיזם. גאָדינער דער שרייבער האָט זיך צעשיידט מיטן גייסט און מעטאָד פון זיין אַמאָליקן „טאָג אַנטקעגנ". ווי כאַראַקטעריסטיש עס איז די פאָלגנדיקע דעטאַל: די דעמאָביליזירטע בעטן, אַז מע זאָל זיי אַריינשרייבן אין זייערע צייגענישן, אַז די „מילכאָמע האָט זיך גע־ענדיקט," און דערביי ווילן זיי אַ צוגאָב, אַז „מע האָט אויך רעכט באַ די פּריצים די ערד צונעמען" (1. בוך, ז. 64).

האָבנ מיר דאָכ שוינ דאָ גאָר א טרוימ וועגנ אנ אנדער פרידנ-לעבנ, אזא פרידנ-לעבנ, וואָס אָנ א צווייטע מילכאָמע, — א בירגער־מילכאָמע וועסטו עס ניט באקומענ.

פארשטייט זיכ, פיל פונ די זיכ דעמאָביליזירנדיקע סאָלדאטנ האָבנ נאָכ דאנ ניט באגריפנ, אז קעדיי צו פארווירקלעכנ זייערע טרוימענ אונ בענקענישנ איז נייטיק צו דערקלערנ א נייע מילכאָמע, א קלאסנ־מילכאָמע.

געווענ נאָכ פיל אזוינע, וואָס האָבנ געטיינעט: „די מילכאָמע געענדיקט אונ גענוג! ניטאָ זיכ פארוואָס ארומצודרייענ בא די נעזער. ניט דערופ האָט מענ א מילכאָמע מיט די דייטשנ געענדיקט, אז מע זאָל צווישנ זיכ א מילכאָמע אָנהייבנ" (1 בוכ, ז. 118).

סאָפ ערשטער בוכ אונ דער גאנצער צווייטער בוכ איז וועגנ דעמ, וויִאזוי אינ די מויכעס בא די מאסנ סאָלדאטנ פונ דער צעפאלנדיקער צארישער ארמיי ווערט געבוירנ די אידיי, אז מיט „הוילע הענט וועסטו אזא מינ איידל שטיקל ארבעט... ניט אָפטאָנ", אונ דער סאָלדאט מיטרי איוואנאָוויטש „האָט זיכ דעריבער דערפרייט מיט דער ווידערגעפונענער ביקס, מיטנ שלאכט-פערד, מיט דער שלאכט־פאָזיציע, ווי א מענטש פרייט זיכ מיט א גוטנ שטיקל געצייג". אונ ער לאָזט זיכ אינ א נייער „מילכאָמע קעגנ די, וואָס האָבנ דאפקע געוואָלט מילכאָמע האלטנ ביזנ זיגרייכנ סאָפ" (2. בוכ, ז. 182).

אינ ביידע ביכער פונעמ ראָמאנ „דער מענטש מיט דער ביקס" ווערט געשילדערט די צעוואלגערונג פונ דער צארישער ארמיי באנאנד מיטנ אופקומ פונ א נייער ארבעטער פויערישער ארמיי. די דעמאָביליזאציע גייט באנאנד מיט דער נייער מאָביליזאציע. גאָדינער האָט אופגעכאפט די דיִאלעקטיק אינ אָט דעמ גרויסנ רעוואָליוציאָנערנ פראָצעס, „די ריזיקע רוסישע מיליאָניקע ארמיי איז ווי א פולער עפל צעפאלנ, אונ די הארטע זוימענ זיינענ איצט פארזייט דאָ אפ א נייעמ אנדערשדיקנ וווקס" (1 בוכ, ז. 170).

אונ דאָ האָט גאָדינער זיכער געגעבנ א נייע באלייכטונג פונ דער טעמע. יעדער באפעל הערשס וועגנ דעמאָביליזאציע איז גלייכצייטיק א באפעל וועגנ א נייער מאָביליזאציע. מע האָט באדארפט



475—8

אין די סאָלדאַטן אָנצינדן א רעוואָליוציע־פּאטריאָטיזם. און אָנצינדנדעם רעוואָליוציע־פּאטריאָטיזם האָט מען בא זיי געקאָנט נאָר דורכן דורכפירן די דעמאָביליזאציע אין דער אלטער ארמיי. און אין דער ווײַטערדיקער אנטוויקלונג פונעם רעוואָליוציאָנערן פּראָצעס איז אָט דער גרויסער סאָלדאטישער מאסע קלאָר געוואָרן, אז קעדיי דורכצופירן א רעוואָליוציע איז נייטיק א נײַע מאָביליזאציע, איז נייטיק א נײַע, רעוואָליוציאָנערע ארמיי.

אויך די גרעסערע דערציילונג גאָדינערס אפ דער טעמע וועגן דער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע — „דער שלאכט אונטער אירינע", וואָס באציט זיך צו א פריערדיקן פּעריאָד, נאָר וואָס איז אָנגעשריבן נאָכן צווייטן בוך „דער מענטש מיט דער ביקס", אָטעמט מיטן אָנקום פון א צווייטער מילכאָמע, פון דער לעצטער מילכאָמע, אין היסטאָרישן זין פון וואָרט.

אין די ביכער פון „דער מענטש מיט דער ביקס" זײַנען די „הארטע זוימענ" אופגעגאנגענע און זיך צעוואָקסן אין הירדש קעסלערס ערשטן רויטן אָטריאד, אין די וואסיוטקעס, מיטריס, שפּאָנס, אין די נײַע מענטשן מיט די ביקסן. און נאָר די מענטשן מיט די ביקסן מאכן איצט געשיכטע. ביסטו א מענטש אָן א ביקס, „ביסטו סטאם א מענטש, טאָ גיב אָפּ דעם קאפּטענארמוס די שטיוול מיט דער אידיי און טראָג זיך אָפּ אפ אלע פיר (2. בוך, ז. 59) — זאָגט דער קאָרנבלימל־אויגיקער וואסיוטקע, גאָדינערס ג ע ר אָ ט נ ס ט ע געשטאלט אין ביידע ביכער „דער מענטש מיט דער ביקס".

אין צווייטן בוך האָט וואסיוטקע בעפיירעש פרײַער אָפּגעאָטעמט. ער איז באפרײַט געוואָרן פון דער פונקציע ארומצושלעפּן די מאָשיעכשע יידענע אין דעם גרינעם בינען־קלייד מיט אירע יעסורעמדיקע און ברודיקע שטראָמענ, — א שטראָף, מיט וועלכער דער שרײַבער האָט אים געשטראָפט אין ערשטן בוך אומבאוווסט פאר וואָס פאר א זינד. עמעס, אויך אינעם צווייטן בוך איז נאָך וואסיוטקען געבליבן די ניט יוישערדיקע אָנלאָדונג זיך ארומצופירן מיטן ייד דאָוויד מאנדל אין זײַן נײַער אומגעריכטער פאררואנדלונג.

וואסיוטקע איז אומגעהייער אויסגעוואָקסן אינעם צווייטן בוך. אין ערשטן בוך איז ער געווען פארכאפּט פון דער „טײַערער פּאָליטיק",

וואָס האָט אָפּגעשאַפט די אימפּעריאַליסטישע מילכאָמע. איצט איז ער דערוואָקסנ צו פאַרשטיינ טיפער די צייט אונ מענטשנ — ער פּאָרט איצט קעסיידער הירש קעסלערנ בא דער זייט, אונ קעסלערנ ווילט זיכ שטענדיק אויסייצנ אונ דורכשמועסנ זיכ מיטנ דאָרפישנ יונג מיט די קאָרנבלימלדיקע אייגעלעכ וועגנ די טאָג-שלאַכטנ, וואָס שטייענ פאָר דעמ אָטריאַד. אונ ניט זעלטנ נעמט וואַסיוטקע אַראָפּ דעמ אומעט אונ צווייפל בא זיינ קאָמאַנדיר, גיסט אינ אימ אַריינ קראַפט אונ גלויבנ.

וואַסיוטקע דער אַדיוטאַנט איז אינ פיל פּראָטימ אידעאָלאָגיש שטייפער אונ גאַנצער פאַר דעמ קאָמאַנדיר הירש קעסלער.

הירש קעסלער — די צענטראַלע פיגור, וואָס דאַרפ פאַרקערפּערנ „דעמ מענטש מיט דער ביקס", איז געשילדערט ווי א צעשפּאָלטע־נער מענטש, א מענטש פונ צוויי העלפטנ. באַנאַנד מיט דער אַרבע־טערשער רעוואָליוציאָנערער העלפט זיצט אינ הירשס „הויטזאַק" א צווייטע העלפט, א „מעוווּלוועלע, צעשויבערטע, צעטומלטע, פאַרכאָלעמטע, ראָמאַנטישע".

אונ די צווייטע, די פרעמדע העלפט בא הירשנ גיט אָפּט פונ זיכ צו וויסנ. זי איז איינגעטונקענ אינ ספּייקעס: „וואָס וועט זיינ מאָרגנ נאָכנ שלאַכט?" (2. בוכ, ז. 102). עס דערגייט אפילע אַזוי ווייט, אַז הירש, דער רויטער קאָמאַנדיר, שרייבט א שלאַכט-באַפעל דעמ קאָמאַנדיר פונעמ רעזערוו איוואַנ שפּאָנ אונ שרייבט אַריינ אינעמ דאָזיקנ שלאַכט־באַפעל: „וואַניוש, דו ביסט זיכער, אַז מיר וועלנ פונ דער גאַנצער זאווערוכע אַרויס מיטנ זיג?" (2. בוכ, ז. 125).

אונ הירש לאָזט ניט אָפּ פונ זיכ וואַסיוטקענ, ווייל פונ „וואַסיוטקענ, האָט הירש געוווּסט, קענ ער אַמאָל הערנ אַזא וואָרט, וואָס דערמונטערט, רייסט אַרויס פונ דער נעצ דערינערונגענ אונ ספּייקעס אונ שטעלט אימ, הירשנ, אַוועק צוריק אפנ אָרט — אפנ אָרט פונ קאָמאַנדיר פונ אָטריאַד" (2. בוכ, ז. 234). אונ דאָס טוט דער זעלבער הירש, וואָס זיינ קראַפט פונ דראַנג, פונ רעוואָליוציאָנערנ דראַנג — ווי עס פאַרזיכערט גאָדינער — „וועגט פּונקט אַזויפיל, וויפל די פּאַסיווע קראַפט פונ די טויזנטער סאָלדאַטנ, וואָס רייסנ זיכ אַהיימ" (1 בוכ, ז. 68). דאָס זיינענ פּאָשעט ווידערשפּרעכלעכע כאַראַקטעריסטיקעס.

אינעם ערשטן בוך איז אפילע געווען אזא מאָמענט: „הירש האָט דאָס גאַנצע אָנגעזאמלטע ביסל אומרו דערשפּירט אין זײַן קערפּער און ניט געהאַט קיין קויעך צו גיין טאָן זײַן גרויסע און שווערע ארבעט, וואָס איז פּלוצלינג אפּ זײַן יידישן גורל אויסגעפאלן — א פּאָדק סאָלדאטן אהיים לאָזן — ניט געהאַט קיין קויעך און קיין ווילן דאָס צו טאָן" (1 בוך ז. 42—43).

אָט אזוי האָט אפילע א רייד געטאָן הירשס צווייטע העלפט. דאָס דעמאָביליזירן א פּאָדק סאָלדאטן איז גאָר פּלוצלינג געוואָרן א זאך, וואָס איז אויסגעפאלן אפּ הירשס יידישן גורל!

עמעס, אין הירשס גאנצער קינסטלערישער ביאָגראפיע איז ניטאָ קיין שום אָנדײַט וועגן זײַן „יידישן גורל", פאַרקערט, ער, הירש, ווערט דאָך העכסט אופגעבראכט, ווען דאָס סאָציאַליסטל ראָזנפעלד, וואָס זעצט זיך גראָדע אונטערוועגס ארײַן אין א יידישן וואָגן, באַטראכט די רעוואָליוציע פונעם שטאנדפונקט פונעם „יידישן גורל".

אָבער ווידער אפּ א סטירעדיקן אופן צווינגט דער שרײַבער הירשן, ער זאָל הערן, ווי דינע שפּילט דער „מאמעס באליבטע מעלאָדיע". און כוטש וואסיוטקען זײַנען אלע פארגאַפט פון „די קלאנגען, וואָס אַן איינזאמ אויסגעוואָקסענע, אונטערן שימל פון פארעלטערטע מאָשיאַך־כאלוימעס, יידישע טאָכטער האָט ווי פעדעם פון איר הארץ געוועבט און דערפון אזא שטילן און ווונדערלעכן קלאנגען-געוועב אויסגעשפּינט" (1 בוך, ז. 114). דער דאָזיקער „ווונדערלעכער קלאנגען-געוועב" איז געווען אָנגעפילט מיט די אלטע פארזויערטע שאפסע־צווי־מאָטיוון — מאָטיוון פון דער אומווירדיקער טאָמער...

און עס איז בעפיידיש אַן אוולע, וואָס נאָך וואסיוטקען נאָגן באַ דער דאָזיקער מעלאָדיע די קנעכלעך פון אומעט, ער רײַסט זי אופּ מיט זײַן פארשײַטער הארמאָניק:

Го-оп, мои гречаники,

гоп, мои милые...

אומבאוווסט פארן שרײַבער האָט זיך וואסיוטקע דאָ אידעאָלאָגיש אופגעהויבן אפּ א קאָפּ העכער פון זײַנע קאָמאנדירן.

לויט דעמ שרײַבערשנ פאָרטראַכט איז דאָכ די צענטראַלע פיגור, וואָס דאַרפ פאַרקערפּערנ „דעמ מענטש מיט דער ביקס", דער קאָווקאָם הירש, ער איז דאָכ דער דורכפירער פונ דער דעמאָביליזאַציע צוליב דער נײַער מאָביליזאַציע. ער צעוואַרפט דאָכ דעמ טײל פונ דער צאַרישער אַרמײ, קעדײ צו פאָרמירנ דעמ נײַעמ, דעמ רויטגוואַרדײַישנ אָטריאַד. דער בידעוועכאַסקער רויטער פאַרטיזאַנ האָט געוויס אַ גרונט צו זאָגנ וועגנ הירשנ דעמ קאָווקאָם: „אַ מינ מענטש מיט אַ ביקס... שטענדיק באַוואָפנטער... אונ די ביקס זײַנע טראָגט ער ערגעצ אינווײניק"..." (2. בוכ, ז. 139; מײַנ אונטערשטרײַכונג.— ש. ק.). אָבער דאָס אַלצ געפינט זיכ דאָכ אינ אַ ווידערשפּרוכ מיט די אַלע צוגעשריבענע אימ ספייקעס, ניט־זיכערקײַט, צעשויבערטקײַט, ראָמאַנטישער פאַרכאַלעמטקײַט. אַט דער וואַרשעווער פּראָלעטאַריער, מיט דער ביקס ערגעצ אינווײניק, האָט שוינ גיכער באַדאַרפט זײַנ אַ לערער פאַר דעמ פויערשנ קאָרנבלימלדיקנ וואַסיוטקענ, אונ גאָדינער האָט געטאָנ פאַרקערט, פאַר אַ לערער האָט ער אויסגעקליבנ וואַסיוטקענ.

גאָדינער האָט אַוואַדע געוואָלט אויסמײַדנ די סאַקאָנע פונ סכעמאַטיזמ, בלוט־אָרעמקײַט אינ דער קאָמאַנדיר־געשטאַלט אונ פאַר אײנוועגס אויכ אָפּלײקענענ הירשס זעלבסט־כאַראַקטעריסטיק: „מיר זײַנענ אַלע... מענטשנ מיט ביקסנ... קימאַט אָנ הערצער... מענטשלעכע שיסמאַשינעס" (1. בוכ, ז. 153), האָט ער אימ געגעבנ אַ צעשפּאָלטענעמ אינ צוויי העלפטנ, מיט מאַטערנישנ, ספייקעס, צעטומלטקײַט, קעדײ עס זאָל זיכ באַקומענ „אַ לעבעדיקער מענטש" מיט פאַרטיפטע פּסיכאָלאָגישע איבערלעבונגענ. אָבער פאַרטיפטע פּסיכאָלאָגישע איבערלעבונגענ זײַנענ ניט אומבאַדינגט פאַרבונדנ מיט צעשפּאָלטנקײַט אונ געבראָכנקײַט פונ דער פּערזענלעכקײַט; צעשפּאָלטנקײַט, געבראָכנקײַט אונ צעקנײטשטקײַט זײַנענ דאָכ נאָר אומבאַדינגט פאַרבונדנ מיט באַשטימטע סאָציאַלע טיפּנ אונ כאַראַקטערנ. אַט האָט זיכ וואַסיוטקע מיט זײַנ פּסיכאָלאָגישער גאַנצקײַט גראָד באַקומענ גרויסאַרטיק, אונ אינ דער געקנײטשטער, געבראָכענער פיגור פונעמ רויטנ קאָמאַנדיר איז זײער פיל צוגעטראַכטס.

ביכלאַל לײַד גאָדינער זײער שטאַרק פונ אויסטראַכטעניש, דה.

פון דעם, וואָס דאָס געשילדערטע בא גאָדינערן איז טײַלמאָל אַן אויסגעטראַכטע שרײַבערשע סכעמע און אַנטשפּרעכט ניט דער רעאַ־לער ווירקלעכקײַט. דאָס איז גאָדינערס הויפּט־כיסאָרן.

די גאַנצע געשיכטע מיט דער פאַמיליע מאַנדל אין ביידע ביכער „דער מענטש מיט דער ביקס" איז בלויז צוטראַכטעניש.

בא דער גאַנצער טענדענץ צו פּאַראַדירן דעם מאָשיעכיזם (די טרעגערן פון מאָשיעכיזם איז דאָך די אײַנערדיקע ייִדענע) האָט „די מישפּאָכע מאַנדל" אין ערשטן בוך ארײַנגעטראָגן א באַשטימטן מיס־טיש-נאַציאָנאַליסטישן גערוך. אינעם צווייטן בוך האָט „די מישפּאָכע מאַנדל" געבראַכט צופיל קינסטלעריש-פאַלשע זײַטלעך.

אין זיקאָרן בא די לייענער פונעם ערשטן בוך „דער מענטש מיט דער ביקס" האָט דער אַלטפּרענקישער דאָוויד געוויס געלעבט מיט פּאַרדרייטע פּייעס און מיט א קײַלעכיקער יאַרמעלקע אפן קאָפּ און מיט מאָשיעך־טרוימען אין קאָפּ. און אַזוי איז ער דאָך טאַקע געשילדערט אין ערשטן בוך (ז. 20). דער לייענער ווערט דעריבער איבעראַשט, ווען דער שרײַבער זאָגט אַן א פערד און הייסט דעם מאָשיעך־ייִד דאָוויד זיך אופזעצן אפ אים און זיך אַוועקלאָזן אין אַליור איבערנעמען די ווירטשאַפט פונעם פּאָלק, ווערן א קאַפּטע־נאַרמוס, ווערן „א מענטש מיט א ביקס" (2. בוך, זז. 171—174). און הירש קעסלער, דער רויטער קאָמאַנדיר, פּירט שוין מיטן ייִד דאָוויד א באַ־לעבאַטישן שמועס וועגן סאָציאַליזם: „הא, דאָוויד, אזא מין פּלאַן געפעלט דיר?" (2 בוך, ז. 49).

און דאָוויד איז העכסט באַגײַסטערט פון „אזא מין פּלאַן". ער שרײַט אפילע אויס אין עקסטאַז צו די... שטערן: „שמאַ־ייִסראָעל" (2 בוך, ז. 49). און טאַקע אין איינע „שמאַ־ייִסראָעל" האַלט שוין דאָ־וויד ניט פונעם ריבוינעשעלוילעם. מיינט, אז „אַלץ איז בעדערעכ האַטעוועע" (ז. 45). און ער האָט שוין אפילע באַקעמפט אין זיך „דעם וואָרעם", וואָס האָט אים א גאַנצן לעבן געטשעפּעט: די אַלטע, מאָ־שיעך, דאָס פּעקל־לעבן, דעם כאָלעם וועגן אַן אייגן מויערל אפן בערגל" (2 בוך, ז. 48).

עס איז שווער זיך פאָרצושטעלן מער אויסגעמויטשעטע קינסטלע־ריש פאַלשע בלעטלעך!

לייענט מענ זיכ איַינ אינ די אַלע קאפּיטלענ וועגנ דעם ייִך מאנדל, וואָס „טוקט זיכ אינ עקסטאז" פונ זיַינ מאָשיִעכ-ייִדענע, אונ וועגנ דער שאבסע-צווי-ייִדענע טאָמער גופע אונ וועגנ דער ייִדישער טאָכטער דינע מיט איר „גרויליארטיקנ עקסטאז", אונ וועגנ דער שטורמער, וואָס באוויַיזט א קונצ בא גאָדינערנ אויסצודערציילנ אזויניל געשיכטעס, ווערט קלאָר, אז דאָס איז אינגאנצנ א פאַרבלאָנדזשעטע אונ אויסגעטראכטע טעמע בא גאָדינערנ.

ווי לייַכט עס אָטעמט זיכ אָפּ, ווענ דער שריַיבער שיקט אינ דער רו אריַינ די מישפּאָכע מאנדל, אונ מיר דערזעענ ווידער די אַלע רעגנדיקע פיגורנ פונ „דער מענטש מיט דער ביקס": וואסיוטקענ, הירשנ, דמיטריטשנ אונ די פארשיידענע אנדערע פּארטיזאנער.

אונ עס פארשווינדט די מישפּאָכע מאנדל, פארשווינדנ אינ גרונט די רעשטנ סימבאָליסטישע געמעלנ אונ אויכ די נאטוראליסטישע. יאָ, די סימבאָליסטישע אונ נאטוראליסטישע. וויַיל גאָדינער האָט באוויזנ די קונצ פונ צונויפּפאָרנ סימבאָליסטישע אונ נאטוראליסטישע געמעלנ אינ ערשטנ בוכ (דערמאָנט זיכ נאָר די אַלע שטעלנ וועגנ געוולע, וועגנ מאָשיִעכס כאיל אונ וועגנ דער פליסיקייַט, וואָס כליופּעט פונ דער אַלטער).

אָט איז נאָכ א ביַישפּיל פונ גאָדינערס אויסטראכטענישנ: אינ א פארוואָרפענעמ כוטער, דאָרט, ווו עס גייענ די שלאכטנ צווישנ די רעשטנ פונ דער צארישער ארמיי אונ דעמ רויטנ אָטריאַד, זיצט אפנ דאכ אנ אלטינקער פויער מיטנ צוועק צו פארפלאָנטערנ די וועגנ פונ די ווייַסע אונ רויטע, קעדיי איינע די אנדערע זאָלנ ניט קענענ געפינענ אונ אזויארומ וועט זייער קעגנזייַטיקער קאס אונ צאָרנ דורכגיינ אונ פרידנ וועט זיַינ אפ דער ערד: „ברויט דארפ מענ זייענ, לייַוונט אונ געוואנט דארפ מענ וועבנ" (2. בוכ, ז. 196).

די פיגור פונ אלטינקנ, וואָס פלאָנטערט די וועגנ, וואָלט געפאסט איינעמ ייִדיש-קינסטלערישנ קאָנטעקסט פונ גאָדינערס פריִיקע דערציילונגענ פונעמ בוכ „טאָג אנטקעגנ" מיט זיַינע פאציפיסטישע טענדענצנ. אונ דאָ איז עס א דיסאָנאנס צו דעמ גאנצנ בוכ...

אָט די דאָזיקע אויסטראכטענישנ, וואָס זיַינענ ווייַט ניט דאָס

זעלבע, וואָס קינסטלערישע פֿאַנטאַזיע, פֿאַרפֿאָלגן גאַנץ אָפֿט גאָדינערן דעם שרײַבער.

אויך אין דער דערציילונג „די שלאַכט אונטער אירינע" איז נאָך פֿאַרבליבן געגוג פֿון אָט דעם מין. דאָס נאַיווע באָכערל גאָלאָמבעק טראַכט און רעדט וועגן א בונד פֿון טויטע און לעבעדיקע. די דאָזיקע טראַכטענישן האָט אים געוויס אונטערגעזאָגט, אונטערגערוקט דער שרײַבער.

אָבער דאָס זײַנען בלויז פֿאָרדריסלעכע עפּיזאָדן. עס וועלן זיך שאַרף אײַנשנײַדן אין זיקאָרן גאָדינערס שטאַרקע גרויליקע בילדער פֿון מילכאָמע־לעבן, דאָ איז ניטאָ קיין שפּור פֿון אָנגעטראַכטקייט. אָט איז „איינער פֿון די פֿילע בײַשפּילן, וואָס מיר האָבן אין דער דערציילונג „די שלאַכט אונטער אירינע": „אַרום די קיכן ווערט איינגיכן א פֿריילעכער אָנגעלאָף. די סאָלדאַטן שטופּן זיך מיט די קעסעלעך. עס ווערט ליכטיקער. איבער די קיכן גיט א הורזשע א האַרמאַטן־קויל. קיינער באַמערקט עס קימאַט ניט. דאָס לעבעלעכע געקעכץ איז איצט טײַערער פֿאַרן לעבן. די האַרמאַטן־קויל פֿאַלט אין דער סאַמע געדיכטעניש פֿון דער מענטשן־מאַסע אַרום די קעסלעך. די מענטשן צעשפּרינגען זיך פֿון די קעסלעך, ווי אַוועקגעיאָגטע פֿליגן פֿון שטיקלעך צוקער אויפֿן נאַקעטן טיש. א סאַך בלײַבן ליגן בײַ די קיכן. איין קיך שטעלט זיך פּאָפּערעק מיט ווי רעדער אַרויס, כליופּעט פֿון זיך אַרויס דאָס געקעכץ, דער קעסל שפּרינגט אונטער, די רעדער רײַסן זיך אָפּ, ווערן אויפֿגעהויבן, דרייען זיך אינדערלופֿטן, פֿאַלן אין בלאָטע, אין שטויב פֿונעם אויפֿגעריסענעם באָדן, אין צעריסענעם פֿלייש פֿון די מענטשן, וואָס האָבן זיך נאָרוואָס באַלעקט מיט דער אָנקערמענדיקער זיסער מינוט פֿון קריגן א פּאָר לעפֿל געקעכץ. די זיסע מינוט איז ניט געקומען, די האַרמאַטן־קויל איז איר דעם וועג פֿאַרלאָפֿן". („דאָס לעבן הייבט זיך אָן", ערשטער באַנד, ז. 89).

דאָס בילד איז דאָ געשאַפֿן מיט עטלעכע קאַרגע אָפּגעקליבענע דעטאַלן. און גאָדינערס בילד האָט זיך דאָ אַזוי א הייב געטאָן דערפֿאַר, ווײַל דאָ איז גאָרניט ניט אויסגעטראַכט, נאָר געשילדערט דאָס טיפּישע, דאָס כאַראַקטעריסטישע, דאָסווירקלעכע.

מיר האָבן פֿאַרצייכנט פֿיל שוואַכע ערטער אין די ביכער „דער

מענטש מיט דער ביקס", אָבער בא די אַלע פארצייכנטע בלויזנ אונ כעסרוינעס, איז „דער מענטש מיט דער ביקס" א באדײַטנד קאפּיטל פונ דער געשיכטע פונ בירגערקריג. אינ פארגלײַכ מיטנ ערשטנ בוכ איז דער צווייטער בוכ א קינסטלערישער טראָט פאָרויס. דער אויטער שילדערט אונדז די צעוואלגערונג פונ דער אלטער צארישער ארמיי, דעמ אופּקומ פונעמ ערשטנ רויטגווארדייִשנ אָטריאד, די געבורט פונ די נײַע, רויטע קאָמאנדירנ — גאָדינערנ האָט זיכ באזונדערס אײַנגעגעבנ צו שילדערנ די אופּגעוועקטע, אָרגאניזאטאָרישע מיליטערישע טאלאנטנ בא די רויטע פארטיזאנער, מאמעש אפ די אויגנ וואקסנ זיי, די נײַע קאָמאנדירנ, די הירשנ, וואסיוטקעס, די מיטריס, די שפּאָנס. שפּאנענדיק דראמאטיש איז געשילדערט דער קאמפ פונעמ ערשטנ רויטנ אָטריאד קעגנ די פאראקשנטע רעשטלעכ פונ דער צעפאלענער צארישער ארמיי (דער צוזאמענשטויס מיט בעקנ).

שטײַפ האָט גאָדינער געבויט די סוזשעטישע ליניעס. באזונדערס איז עס צו זענ אינ צווייטנ בוכ, אויב אויסשליסנ די פּאָר קאפּיטלעכ, וואָס אײַסעקנ זיכ מיט דער מישפּאָכע מאנדל אונ מיט דער לאָרדקיפּארידזע — ניט־געשטויגענער ניט געפלויגענער מײַסע. פונ קאפּיטל צו קאפּיטל קייטלענ זיכ די סוזשעטישע רינגענ אינ איינ פעסט פארשמידעטער קייט, פארגאנצט ווערט דאָס גאנצע בילד קאָמפּאָזיציאָנעל אינ דעמ לעצטנ פרעכטיקנ קאפּיטל, ווו אלע באזונדערע טײַלעכלעכ פונ הערשס רויטגווארדייִשנ אָטריאד, די טייפּעכלעכ, וואָס האָבנ געבילדעט די באזונדערע קאָמפּאָזיציאָנעלע רינגענ, קומענ זיכ צונויפ.

אונ דאָ איז שוינ אויכ אינגאנצנ צומ פּלאַץ דאָס דערשײַנענ פונ קאָמדיוו אנטאָנ אנדרייעוויטש, א פיגור, וואָס, ווענ מיר דערזעענ זי צומ ערשטנ מאָל, איז זי שוינ אונדז געגוי באקאנט, ווײַל גאָדינער האָט אונדז די גאנצע צײַט געגעבנ צו שפּירנ די דאָזיקע פיגור, ניט באגעגענענדיק זיכ מיט איר דירעקט...

דער צווייטער בוכ ווײַזט אונדז אויכ גאָדינערס אָנגעשטרענגטע ארבעט איבערנ קינסטלערישנ וואָרט. אינעמ ערשטנ בוכ האָט זיכ דער שרײַבער ערטערווײַז געפונענ אונטערנ אײַנפלוס פונעמ ניסטערנוסעכ, וואָס האָט זיכ געלאָזט פילנ אינ די פּלאָנטערנדיקע פראזעס

אַף גאַנצע האַלבע־זײַטן. דער ערשטער בוך האָט אויך געראַדט וועגן א באַשטימטער שפּראַך-אָרעמקײַט, רוסישע אויסדרוקן זײַנען מעכאַניש איבערגעזעצט געוואָרן אין ייִדיש, ווי לעמאָשל, די אַלטע קאָמאַנדירן „אין דער הויצאָע אויסגעשריבן” (1 בוך, ז. 20). אָדער פאַרקערט — ספּעציפיש ייִדישע ווערטלעך אין מויל בא וואַסיוטקען. וואַסיוטקע גיט זיך אַפילע קיין קרים ניט באַם אָפּטן באַנוצן דאָס וואָרט „אגע-ווורכע”.

גאָדינערס וואָרט הייבט איצט אָן צו אָטעמען פרײַער, ווערט פּאָשעטער און בילדערישער.

און צולעצט ווילט זיך אונדז פאַרצייכענען די צומאָליקע שטאַרקײַט פון גאָדינערס מעטאַפאָרעס און פאַרגלײַכן (ווען זיי פאַרמאָגן א באַדײַטנדיקע פאַראַלגעמיינערונג־קראַפט). אָט איז איינער פון פּידע בײַשפּילן: וואַסיוטקע איז אין א שליכעס אין הינטערלאַנד באַם סוינע. ער באַגעגנט זיך מיט עסטרײַכישע סאָלדאַטן, מיט רוטענער. „וואַסיוטקע האָט זיך צו אים (צום רוטענער — ש. ק.) צוגעקוקט און פאַרווונדערט געוואָרן דערפון, וואָס דער פרעמדער סאָלדאַט איז אַזוי ענלעך אַף א געוויינלעכן רוסישן דאָרפיונג, ווי דאָס רוסישע דאָרף וואָלט סאָלדאַטן געשיקט ניט נאָר אין דער רוסישער אַרמיי, נאָר אויך אין דער עסטרײַכישער” (1 בוך, ז. 131; מײַן אונטערשטרײַכונג. — ש. ק.). מיטן דאָזיקן פאַרגלײַך ווערט שוין אײַנגעשטעלט די טיפע סאָציאַלע קרויווערשאַפט וואַסיוטקעס מיטן רוטענער. ווערט געגעבן דער סאָציאַל־פסיכאָלאָגישער גרונט פאַר דער רעוואָליוציאָנערער ברידערונג.

ש. גאָדינערס ביידע ביכער „דער מענטש מיט דער ביקס” קאָנען אָן שום ספּעק פאַרעכנט ווערן צו די באַדײַטנדיקסטע קינסטלערישע בלעטלעך וועגן די יאָרן פון בירגערקריג אין דער ייִדישער סאָוועטישער פּראָזע. באַזונדערס באַציט זיך עס צום צווייטן בוך „דער מענטש מיט דער ביקס”. דאָ זײַנען קינסטלעריש געשטעלט געוואָרן אייניקע גרונט-פּראָבלעמען פון דער צײַט פון בירגערקריג.

1933.

# פונ מולקע גאיאָקער ביז דעמ קאָמונאר יוליס

I

דאניִעל (מײעראָוויטש) באשעפטיקט זיכ קימאט די גאנצע צייַט פונ זייַנ ליטעראַרישער טעטיקייַט (אונ זייַנ ליטעראַרישע טעטיקייַט ציילט שוינ מער ווי א פּאָר פינפיאָר) מיט דער טעמע מילכאָמע, בירגערקריג. אפ דער טעמע מילכאָמע, בירגערקריג זייַנענ אָנגעשריבנ דאניִעלס ערשטע גרעסערע דערציילונגענ: „אינ א צייַט אזא" (1922), „ראכמיִעל דער נאכט־שוימער" (1924); אפ דער טעמע בירגערקריג זייַנענ אָנגעשריבנ די צוויי גרעסערע ווערק דאניִעלס: „אפנ שוועל" (1926—1927) אונ „יוליס" (1928—1929).

דאניִעל האָט אויכ אינ 1932 יאָר ארויסגעלאָזנ א ביכעלע קינ־דער־דערציילונגענ „צו זאוואָדישע טויערנ". אייניקע דערציילונגענ פונעמ דאָזיקנ ביכעלע האָבנ ווידער צו טאָנ מיט דאניִעלס באליבּטער טעמע: מילכאָמע, בירגערקריג.

„אינ א צייַט אזא" איז גיכער א קינסטלערישע פּארקאָנספּעקטירונג פונ די טעמעס, וואָס דער שרייַבער וועט שפּעטער צעוויקלענ, איידער א פּארטיקע קינסטלערישע דערציילונג; דאָרט איז אָנגעשיכטעט ביז גאָר א גרויסע צאָל טעמעס אונ עפּיזאָדנ דורכויס ניט קיינ פּאנאנדערשיפרירטע. מיר האָבנ דאָ דעמ מאָטיוו פונ מילכאָמע־פּלייטים, מיר האָבנ דאָ דעמ מאָטיוו פונ געוועזענע „כאווײרימ", וואָס האָבנ אינ די רעאקציע־יאָרנ נאָכ דער ערש־

טער רעוואָליוציע ליבעס געשפּילט, כאַסענעס געשטעלט, קינדער גע-
בוירנ — ווי אַלע יידנ... מיר האָבנ דאָ דעמ מאָטיוו פונ דעמאַסקירנ
די אינטעלעקטועלע אָרעמקייט אונ נישטיקייט פונ דער בורזשואזער
אינטעליגענטנ עסטער צייטלינ, וואָס טראָגט זיכ ארומ מיט „א פולנ
קאָפּ ליטעראַרישע העלדנ”...

אונ נאָכדעמ גייענ ווידער אָפּגעהאַקטע שורעס אונ ווערטער
וועגנ דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע אפ אוראַל אונ נאָכ אונ נאָכ טע־
מעס אונ מאָטיוונ, עפּיזאָדנ אונ געשעענישנ. אינ „אינ א צייט אזא”
האָט נאָכ דאַניעל אינ קינסטלערישנ זינ געטאַפּט א וואַנט. ער האָט
נאָכ זיינ אייגענעמ דאַניעלישנ קינסטלערישנ נוסעכ ניט געהאַט. די
אַבסטראַקציע אונ סכעמע, די פּרעטענציעזע-„עקספּערימענטאַטאָרישע”
שטיק מיט וואָרט אונ שורע, מיט עפּיזאָד אונ מאָטיוו האָבנ גע-
שטערט, אז פונ „אינ א צייט אזא” זאָל אויסוואַקסנ א פולבלוטיקע
קינסטלערישע דערציילונג. עס האָט געשטערט די אידעאָלאָגישע רוי-
קייט פונ שרייבער: אז ס'האָט געקאָנט טרעפנ, אז דער גאַיאָקער גאַ-
נעוו מוטקע אונ דער שיקער וואַלעזשניקאָוו זאָלנ ווערנ די רעוואָ־
ליוציע-אָנפירער, איז דאָכ ניט שייעכ צו ריידנ...

אונ דער צעשויבערטער סטיל איז זיכער געווענ א רעזולטאַט
פונ צעשויבערטקייט אינ דאַניעלס דעמאָלטיקער אידעאָלאָגיע.

וואָרעמ עס איז דאָכ געווענ אזוי קענטיק, אז דעמ יונגנ שריי-
בער דאַניעלנ האָט דאַנ, אינ יענער צייט געפעלט סאָציאַלער פאַר־
שטאַנד, קעדיי צעמענטירנ די צענדליקער מאָטיוונ אונ טעמעס, עס
האָט אימ דאַנ, אינ יענער צייט געפעלט באַוווסטזיינ, קעדיי ארויס-
צופירנ די צוזאַמענהאַנגענ פונ די פּאַטירונגענ אינ דער קאָכיקער אונ
ברויזנדיקער רעוואָליוציע-צייט, צו וועלכער זיינ נאָכ ניט דערפאַרענע
שרייבערישע פעדער האָט זיכ צוגערירט.

אונ געוויס איז אויכ דער גייעג נאָכ די ברייטסטע שעטכנ,
נאָכ די לענגסטע צייט-אָפּשניטנ, דער פאַרלאַנג צו צעוואַרפנ די
העלדנ אונ זיי זאָלנ דערלאַנגענ די וועלט פונ איינ עק ביזנ צוויי-
טנ, — ווי עס האָט זיכ אמאָל אויסגעדריקט פערעצ מאַרקיש אינ א
ליד, — איז אינעמ געגעבענעמ פאַל געווענ א צייכנ ווי ווייניק איינ־
געוואָרצלט דער שרייבער איז נאָכ דאַנ געווענ אינ דער רעוואָליוציע־

ווירקלעכקײַט. ווי ניט שטארק געשפּירט ער האָט נאָכ אונטער זיכ א פעסטנ באָדנ. עס האָט זיכ ארויסגעוויזנ, אז ווענ „טעג זײַנענ געקומענ קורצע, הארבע אונ קלאָרע, ווי רעזאָליוציעס פונ באָלשעוויסטישע רעדנער” („ראכמיִעל דער נאכט-שוימער”) האָט זיכ דער שרײַבער דאניִעל אלײנ פארלאָרנ אינ קאראהאָד פונ די שווינדלדיקע געשעענישנ, אונ פאר אימ זײַנענ יענע טעג ווײַט אונ ווײַט ניט געווענ קײנ „קלאָרע, ווי רעזאָליוציעס פונ באָלשעוויסטישע רעדנער”.

אפ אזא אויפנ ווערט אזוי קלאָר אונ העל דער פאקט, אז ניט די „צײַט אזא” האָט באשטימט דעמ סטיל פונ דאניִעלס ערשטער דערציילונג, ווי עס האָבנ זיכ פאָרגעשטעלט אײניקע קריטיקער אונדזערע, נאָר דעמ סטיל האָט באשטימט דער פאקט, וואָס דער שרײַבער דאניִעל פונ א „צײַט אזא” האָט זייער ניט באפרידיקנד געהאט באהערשט אונ אָנגעייגנט די רעוואָליוציאָנערע די פראָלעטארישע אידעאָלאָגיע. אונ מער ווי אנ אנארכיסטיש-בונטארישער פארלאנג צו צעשיסנ אלע פריִערדיקע אײַנגעשטעלטע ליטערארישע קאנאָנענ איז ניט געקומענ צומ אויסדרוק אינ די ערשטע דערציילונגענ זײַנע. אונ ווי טיילווײַז דעפעקטיוו עס זײַנענ נאָכ דאנ געווענ דאניִעלס אידעאָלאָגישע אָנשויונגענ, האָט באוויזנ די דערציילונג „ראכמיִעל דער נאכט-שוימער”.

אינ „ראכמיִעל דער נאכט-שוימער” איז שוינ אינ א גרויסער מאָס געבראָכנ די סכעמאטישע ליניע, דער אבסטראקטער קאָנטור. עס ווערט דאָ געשילדערט דער איבערגאנג פונ מילכאָמע אינ רעוואָליוציע. עס זײַנענ געגעבנ ברייטע שטייגער-שילדערונגענ. דאָס אלצ וואָלט געקאָנט זײַנ א נײַער אונ אָפּפרישנדיקער שטראָמ אינ דאניִעלס קינסטלערישנ אָנהייב, ווענ דער שרײַבער וואָלט נאָר ניט געהאט גענומענ אלס אויסגאנג-פונקט אונ אויכ באאָבאכטונג-פונקט גופע ראכמיִעלנ דעמ נאכט-שוימער. אינ „ראכמיִעל דער נאכט-שויטער” איז די האנדלונג קאָנצענטרירט ארומ סעקסועלע איבערלעבונגענ. דערצו נאָכ פארקריפּלטע. קײנ שומ סימענ פונ סאָציִאלע אינסטינקטנ אונ געפילנ. קײנ שומ שפּור פונ סאָציִאלער פרייד אונ לייד איז ניט צו געפינענ אינ דאניִעלס נאכט-שוימער ראכמיִעל.

אינ דער דערציילונג איז פאראנ אזא אָרט:

„רעוואָליוציע האָט מער ניט געקלונגען פון ווײַט, פון טעלע־גראַף־דראָטן, פון צײַטונג-שפּאַלטן. איצט האָט זי געשפּאַרט פון פּאַר־שטאָט, פון געסלעך, פון קעלערס, פון בוידעמס.

ארומגעשפּאַנט איבער שטאָט:

אַן אָרטיקע,

א יעדערהויפּיקע,

א יעדערשטוביקע" („פּאָרשטעט", ז. 203).

אָבער אין דער קאָנקרעטער שילדערונג ווערט דאָס אַלץ אָפּגע-לייקנט. צו ראַכמיַעל דעם נאַכט־שוימער, לעמאָשל, קלינגט די רע-וואָליוציע אפילו ניט פון ווײַט. זי האָט צו אים קיין שום שײַכעס ניט. ער, ראַכמיַעל, קאָן זיך ניט צעזעגענען מיט זײַן איבערגעקערטן קעסל, און אז ער דערוויסט זיך וועגן ראַט, וויקלט ער טיפער אײַן זײַן גוף אין בערישן פּעלץ, רוקט ארײַן דעם אייגענעם „קאָפּ אין אויסגעקראָכענעם קאָלנער" און קריכט אוועק „אַפן אויסגעטראָטענעם וועג צו זיך אין קעלער". גראָד דאַניַעל וועט שפּעטער זײַן דער, וואָס וועט אָנשרײַבן קינסטלערישע זײַטלעך וועגן דעם, וויִאזוי די רעוואָליוציע שפּאַרט פון די פּאָרשטעט, פון די קעלערס, פון די בוידעמס, ער וועט אויסדיכטן „פּאָפּלאווע" און די פּאָפּלאווער. נאָר דערווײַל אין זײַן „ראַכמיַעל דעם נאַכט-שוימער" איז דאַניַעל נאָכגע-גאַנגען נאָך דער אינטעליגענטיש־קלײנבירגערלעכער טראַדיציע אויסצוזוכן בא די „אונטערשטע מאַסן" (אויב מע שילדערט שוין זיי יאָ) עטוואָס אויסטערלישעס, עטוואָס אזוינס, וואָס גייט ארויס פון די געוויינלעכע נאָרמעס פון מענטשלעכן לעבן.

## II

מיט דרײַ וויכטיקע פּראָבלעמען איז דאַניַעל באַשעפטיקט אין זײַן ראָמאַן „אַפן שוועל". דאָס איז וועגן דעם, וויִאזוי דער אינ־טעליגענט קומט צו דער רעוואָליוציע, ווײַטער — דער אָפּטריניקער „סאָציַאליסט"; און צולעצט — „פּאָפּלאווע". אנטשפּרעכנדיק צו דער אי-דעאָלאָגישער רײַפקײַט פונעם אווטער איז די טיפקײַט און די אָב-יעקטיווקײַט אין דער שילדערונג פון די דאָזיקע דרײַ פּראָבלעמען.

דער קינסטלער באָרעך ראַשאַל איז געקומען צו דער רעוואָליו־

ציע און האָט איר זײַנ לעבנ אָפּגעגעבנ. ביז דער רעוואָליוציע האָט דער קינסטלער ראשאל פארבראכט אלע זײַנע יאָרנ אינ זײַנ שאלקע. ער איז געװענ פארנומענ מיט מאָלנ זונ-אופגאנגענ, זונ-פארגאנגענ. זײַנ שטענדיקע טעמע איז געװענ: די נאקעטע שפּיל פונ ליכט און שאָטנ אינ דער נאטור. ניט געמאָלט האָט דער קינסטלער ראשאל קיינ לעבעדיקע מענטשנ מיט זייערע ליידנ און פריידנ, מיט זייערע באגערנ און לײַדנשאפטנ, ניט געמאָלט האָט דער זונ פונעם פארבער, וויאזוי עס לעבנ און קעמפנ די מענטשנ פונ זײַנ אָפּשטאמ-סוויווע, די פּאָפּלאווער. ער, דער זונ פונעם פארבער, האָט זיכ פונ זיי דער־ווײַטערט, זיי האָבנ אימ אופגעהערט אינטערעסירנ.

איז געקומענ די רעוואָליוציע און האָט אימ באפוילנ אָנמאָלנ א פּלאקאט, וויאזוי גײַס קאוואלעריע, די רויטע קאוועלעריע, מארשירט ארײַנ אינ שטאָט. מיט גרויס מי און מאטערניש האָט ער דעמ פּלאקאט אָנגעמאָלט. מיט גרויס מי און מאטערניש האָט ער צומ ערשטנ מאָל אינ זײַנ קינסטלער־לעבנ אָנגעמאָלט לעבעדיקע מענטשנ. זײַנ פּלאקאט איז ארויסגעשטעלט געוואָרנ אפנ שטאָט-פּלאצ. און כאָטש דער פּלאקאט איז אוואדע ניט געװענ קיינ געראָטענער, איז ער דאָכ, אדאנק דעמ צאפּלדיקנ אינהאלט זײַנעמ, מיט גרויס באגײַס־טערונג אופגענומענ געוואָרנ פונ די ארבעטער-צושויער. ראשאל איז צווישנ די ארבעטער-צושויער. צומ ערשטנ מאָל פאר זײַנ גאנצ מאָ־לעריש לעבנ לעבט ער איבער א גרויסע, טיפע פרייד פונ שאפנ. א פרייד, וואָס זײַנ ווערק רעגט, ווירקט, רופט ארויס לײַדנשאפט. פריִער האָט ער וועגנ דעמ אלעמ ניט געוווּסט. דאָס דערנעענטערט אימ צו דער רעוואָליוציע. ער ווארפט זיכ אינ איר ארײַנ מיט זײַנ גאנצנ ברען. ער צעזעגנט זיכ מיט דער שאלקע.

דאניִעל האָט דאָ אופגעכאפּט און געשילדערט דעמ אָרגאנישנ וועג פונעמ אינטעליגענט צו דער רעוואָליוציע.

לענינ האָט דאָכ אונדז געלערנט, אז דער אינטעליגענט קומט אפ זײַנ שטייגער צומ קאָמוניזמ: „דער אינזשעניער גייט צו דער אָנערקע־נונג פונ קאָמוניזמ ניט אזוי, ווי עס גייט דער אונטערערדישער פּראָפּאגאנדיסט, דער ליטעראט, נאָר דורכ די אָנגאבנ פונ זײַנ וויסנ־שאפט. אפ זײַנ שטייגער קומט צומ אופנעמנ דעמ קאָמוניזמ דער

אגראָנאָם. אפֿ זײַנ שטײגער דער װאָלדציכטלער אאװ״. (1-טע אױס-גאבע, ב. 18, 1-טער טײל, ז. 87). דאָ איז דער לענינ-טעזיס, װי מיר האָבנ געזענ, קינסטלעריש קאָנקרעטיזירט.

אונ אז ראשאל האָט זיך דערנעענטערט צו דער רעװאָליוציע, מוז אופגעריסנ װערנ זײַנ אימפרעסיאָניסטישער מעטאָד אינ דער מאלערײַ. ער קומט דאנ אינ רעװוקאָמ אונ פֿאָדערט „רעאלע ארבעט״, אונ דאפקע ר ע א ל ע ארבעט. אונ אז ער װערט מיד אינ רעװאָליוציע אונ אז עס גיבנ װעגנ זיך צו װיסנ די אינטעליגענטיש-אינדיװידואַליסטישע שטימונגענ, ציט אימ דאנ שױנ צוריק צו זײַנ אימפּרעסיאָניסטישער שאלקע. װערט דאָך דאָ אגעװ אזױ קלאָר, אז אימפרעס-אָניזמ אונ רעװאָליוציע זײַנענ צעקריגט, אײנס שליסט אױס דאָס צװײטע...

ראשאלנ פארכאפּנ די קלאסנ-גערانגלענ, מיט װעלכע עס ברויזט די אלטע ייִדישע שטאָט װילנע. זײ װעלנ שפּעטער „אופגײנ — טראכט ער — װי א װײַטע לעגענדע, װי א קלײנע עפּאָפּײ פֿונ דער גרױסער רוסישער רעװאָליוציע״. ער װערט פארכאפּט פֿונ דעמ פּלאנ אריבערצופירנ זײַנע פּאָפּלאװער אינ די רײַכע פארלאָזענע פּריצישע אונ גװירישע מױערנ, נאָכ אײדער אפילע די פראגע פֿונ מאכט איז ענדגילטיק געלײזט...

מענטשנ װערנ ניט מאָמענטאל איבערגעאנדערשט. ראשאל איז ארײַנ אינ דער רעװאָליוציע מיט א היפּשנ פארמעגנ פרעמדע אידײענ אונ שטימונגענ. אָט דאכט זיך אימ, אז מענטשנ גײענ ארױס אינ די גאסנ, מאכנ א רעװאָליוציע פּאָשעט דערפֿאר, װײַל זײ װערט אומעטיק אונ דערעסנ דאָס אלטע. מענטשנ װעלנ געװיס אױכ מיד װערנ פֿונ רעװאָליוציע, אױכ רעװאָליוציע װעט װערנ װאָכעדיק אונ גרױ, אױכ רעװאָליוציע װעט דערעסנ. אונ אָט אזױ, מיט אָט די פרעמדע אונ שעדלעכע שטימונגענ, צװינגט דער שרײַבער באָרעכ ראשאלנ אומקומענ אפֿ די באריקאדנ אונ גראָד אפֿנ זעלבנ אָרט, װוּ זײַנ פֿאָטער דער פארבער איז אמאָל אומגעקומענ אראָפּפאלנדיק פֿונ דאכ (אנ אָנװוּנק אװאדע אפֿ די פארשײדענע טױטנ באמ פֿאָטער אונ זונ).

עס איז בעפּײרעש א גרױסער פארדראָס, װאָס באָרעכ ראשאלס

וועג צו דער רעוואָליוציע איז אָפּגעהאקט געוואָרנ. זײַנ צושטייג צו דער רעוואָליוציע איז דאָכ ענדגילטיק ניט פארפעסטיקט געוואָרנ. ער איז דאָכ אומגעקומענ מיט זײַנ אָנגעקליבענעם פארמעגנ קליינבירגערלעכע פאָרשטעלונגענ און באגריפנ. די שוועל צו דער רעוואָליוציע האָט נאָכ ראשאל, אייגנטלעכ, ניט איבערגעטראָטנ.

ווענ ניט דער קאָנטררעוואָליוציאָנערער אופשטאנד פונ די זווערינצער כאוזיירים-הענדלער און באלעגופים וואָלט שוינ, אייגנטלעכ, ראשאל מיט די ניט אויסגעלעבטע קליינבירגערלעכע פאָרשטעלונגענ לאנג געווענ אינ זײַנ שאלקע און וואָלט שוינ ווידער זיכ פארנומענ מיט דער נאקעטער שפּיל פונ זונ און שאָטנ. ראשאל קענ נאָר אופלאמענ דאנ, ווענ ס'גייענ אָנ ב א ר י ק א ד נ־קאמפנ. אינ אנדערע באדינגונגענ קאָנ ראשאל בא זײַנ אידעאָלאָגישנ צושטאנד ניט זײַנ קיינ רעוואָליוציאָנער. מיט איינ וואָרט: די געשיכטע, וויאזוי דער אינטעליגענט קומט און ב ל ײַ ב ט אינ דער רעוואָליוציע, איז געבליבנ אינ א גרויסער מאָס ניט אויסדערציילט. באָרעכ ראשאל ג י י ט צו דער רעוואָליוציע. דאניעל האָט אָבער ניט באוויזנ, צי ב ל ײַ ב ט ראשאל אינ דער רעוואָליוציע, כאָטש ער איז אומגעקומענ אפ די באריקאדנ.

אינ דער געשטאלט פונעם „פארוואלטער פונ קלוב אפנ נאָמענ”... גיט דאניעל דעם אָפּטריניקנ „סאָציאליסט” הירש ליבערמאנ. דער דאָזיקער „סאָציאליסט” פילט זיכ פארצווייפלט, פארייעשט, ער פילט, אז ער איז באנקראָט. אימ איז נאָר געבליבנ ארײַנפײַפנ אינ זײַנע מענשעוויסטישע „גרונט-פרינציפנ” און באלד טאקע ארײַנשטופנ די דאָזיקע „גרונט-פרינציפנ” אינ אייוועלע און ארויסקריגנ פונ זיי א ביסל ווארעמקײַט אפ דערהאלטנ זײַנ מענשעוויסטיש נעשאָמעלע, וואָס ער האלט שוינ אינ אויסהויכנ.

דאָ ווערט ווײַט־ווײַט ניט געגעבנ קיינ קינסטלערישע אלזײַטיקע כאראקטעריסטיק פונעם מענשעוויק אינ ראטנלאנד. צי איז שוינ טאקע מער ניט געבליבנ די מענשעוויקעס, ווי ארײַנצופײַפנ אינ דער „געשיכטע פונעם ייִדישנ פאָלק”? פארשטענדלעכ, אז ניינ. פונ אזויפיל בלעטלעכ רעוואָליוציע־געשיכטע שרײַט דאָכ אראָפּ דער געמיינער קאָנטררעוואָליוציאָנערער פאראט, די נידערטרעכטיקע קאָנטררעוואָ-

ליוציִאָנערע פארשווערונגען פון די מענשעוויקעס קעגן דער סאָציִאליסטישער רעוואָליוציע.

בא דאניִעלן באקומט זיך, אז הירשס „אידייען" האָבן אזוי ווי גאָרניט צו טאָן מיטן בירגערקריג, זיי גייען אזוי ווי אָן א זײַט פון די געשעענישן.

אָט גייט א באשרײַבונג: „די צופעליק־פארבלאָנדזשעטע פארבײַגייער זײַנען געזעסן צונויפגעפרעסט אף די שמאָלע, הילצערנע בענק, געקוקט מיט א מאָדנעם נײַגיר אף די שארפע, אומרויִקע באוועגונגען פונעם רעדנער (הירש ליבערמאן. — ש. ק.). מיט ארויסגערוקטע אויערן זיך נאָכגעיאָגט נאָכן גיכן געלאָף פון אָפגעריסענע, צעפלאָנטערטע געדאנקען און צום סאָף פ א ר ש ט א נ ע נ (פון מיר אונטערגעשטראָכן. — ש. ק.), אז דאָס, וואָס דער רעדנער דערציילט, „אז אין רעוואָליוציע־צײַט האָבן ייִדן א נייגונג צו אסימיליאציע", האָט גאָרניט צו טאָן מיט דער באטאָגיקער ארבעט, מיטן ניט־באקומענעם פאיאָק, מיטן הונגער און בירגערקריג אין לאנד, — און פלעגן אָנהייבן איינציקווײַז און אומבאמערקט פון קלוב אוועקגיין. אין איינעם אזא אָוונט האָט הירש נאָך אלעמענס אוועקגיין נאָך לאנג איבערן קלוב ארומגעשפאנט, זיך אײַנגעהערט צו דער אײַנדרימלענדיקער ארומיקער שטילקײַט, צו די אייגענע איינזאמע טריט, און גענומען צום הונדערטן מאָל לייענען די ייִדישע פארטיי־לאָזונגען אף די הוילע ווענט". („פאָרשטעט", ז. 47).

הירש פילט אזא גרויליקע איינזאמקײַט, אזא קאלטע פוסטקײַט אין דער נעשאָמע. ער קומט צום אויספיר, אז מע דארף זיך פארוואנדלען אין „א סעקטער גלויביקע יעכידים" („פאָרשטעט" ז. 48).

דאָס אלץ האָט געמאָלט א פאלשע פערספעקטיוו. די מענשעוויקעס האָבן זייערע „גרונט־פרינציפן" ווי באוווסט, ניט פארברענט אין די יאָרן פון בירגערקריג און אויך ניט שפעטער. א באווײַז דערצו די אלע פראָצעסן, ווען די מענשעוויקעס זײַנען געשטאנען פארן פראָלעטארישן געריכט.

דאניִעל האָט אופגעכאפט איי ניקע כאראקטעריסטישע שטריכן פון אידייִשער פארמישפעטקײַט, וואָס עס פילט א מענשעוויק, ער האָט אָבער דאן, אין פעריִאָד פון „אפן שוועל", ניט אנטפלעקט די

קאָנטררעוואָליוציאָנערע שעדיקער-שטריכנ אינ הערשנ. דעמ גאנצנ אונ טיפנ עמעס וועגנ מענשעוויק האָט ער פאר אונדז דעריבער ניט געקאָנט אנטפלעקנ.

צו באַדייטנדיקע קינסטלערישע הייכנ האָט זיכ דאניעל אופגע-הויבנ אינ דער שילדערונג פונ די פּאָפּלאווער (קאפּיטלענ: „פּאָפּלאָ-ווע טאנצט“, „דער געשלעג“). דאָ האָט דאניעל געגעבנ די ערשטע קינסטלערישע בלעטלעכ אינ דער יידישער סאָוועטישער פּראָזע וועגנ דער אקטיווער שייכעס פונ די יידישע האָרעפּאשנע מאסנ, פונ די פּאָפּלאווער, צו דער רעוואָליוציע. ער האָט געשאפנ די גע-שטאלט פונ דעמ רעוואָליוציאָנערנ אופשטענדלער נאפטאָליע אָקס. דאָ האָט זיכ באקומענ, אז די רעוואָליוציע שפּארט פונ די פּאָפּלא-ווער קעלערס אונ בוידעמס, פונ די פּאָפּלאווער שטיבלעכ אונ געס-לעכ. עס זיינענ ארויסגעפירט געוואָרנ די גרויסע רעזערוונ פונ דער פּראָלעטארישער רעוואָליוציע. די אמאָליקע געשלעגנ פונ די פּאָפּלאווער מיט די זווערינעצער כאזער-הענדלער אונ באלע-גופימ זיינענ איצט פארוואנדלט אינ בלוטיקע באריקאדנ-קאמפנ.

אונ אינעמ איצטיקנ געשלעג, אינעמ אנדערשדיקנ געשלעג האָבנ שוינ די פּאָפּלאווער געהאט א העכערנ באוווסטזיינ. זיי האָבנ שוינ אויכ געהאט אנדערע, מער גרינטלעכע כעזשבוינעס מיט די זווערינ-צער. אפנ פארפראָרענעמ טייכ זיינענ געשטאנענ: „בערדיקע, באוואק-סענע פורמאנעס אונ טרעגער, מיט צורעס פארווייטע פונ ווינט אינ דרויסנ, מיט הענט פארהארטעוועטע פונ שלעפנ שווערע מאסעס, מיט קעפ, וועלכע האָבנ געדענקט, אז זייערע קינדער שטייענ הינטער ווארשע, אז די פּוילישע שליאטכעס ווילנ דעמ טייל פונ דער רויטער ארמיי אָפּשניידנ, זייערע קינדער הינטער ווארשע אומברענגענ... אונ נאָכ האָבנ זיי געדענקט, אז דער רעווקאָמ האָט זיי אָפּגעגעבנ פּרי-ציש מויערנ“... „אונ דערפאר... איז דער געראנגל וואָס פונ שאָ געוואָרנ היציקער, פארביסענער אונ בלוטיקער“ („פּאָרשטעט“, ז. 131—132).

עס איז גאָר א פארדראָס, וואָס נאפטאָלי אָקס האָט מיט זיינע ברייטע טרעגערישע פּלייצעס פארשטעלט דעמ אָנטייל פונ די ארבע-טער אינ די אלע קלאסנ-געראנגלענ אינ דער שטאָט ווילנע. „אפנ

שוועל" קאָן דעריבער שאפן א ניט ריכטיקע פאָרשטעלונג וועגן די אָנפירנדיקע קרעפטן אין דער רעוואָליוציע.

אין זיקאָרנ שניידן זיך שארף איין די קאָלאָריטע פיגורן פון די פאָפלאווער: עסטערקע און זעלדקע. באזונדערס אינטערעסאנט איז די מאמע עסטערקע מיט איר אָנעמען די רעוואָליוציע.

לעכאטכילע פארמאָגט זי נאָר א מאמע־באוווסטזיין. זי שטייט צו צו דער רעוואָליוציע, ווייל די ווייספאָליאקן האָבן פאר איר אין די אויגן „צעשניטן איר דאָווידקען און שלוימקען". דאָס איז זייער כאראקטעריסטיש. שפעטער וועט זי געוויס אויך באקומען א העכערן באוווסטזיין. א גאראנטיע דערצו איז איר פאָפלאווער, איר האָרעפּאש־נער אינסטינקט...

## III

צו דער טעמע „יולים" האָט דאניעל זיך שטארק געגרייט. ער האָט אויסגענוצט זיין „אפּן שוועל", וואָס איז אן איבערוף מיט דער „יולים"־טעמע. ער האָט אויסגענוצט אנדערע זיינע דערציילונגען. אין בוך „יולים" האָט דער שרייבער ווידער צו טאָן מיט ווילנע, ווילנע פון יאָר 1919. דער שרייבער באגרענעצט די האנדלונג מיט א קליי־נעם צייט־אָפּשניט. אלע געשעענישן קומען פאָר אין די 3—4 אום־פארגעסלעכע ערשטע יאנוואר־טעג פון יאָר 1918 אין ווילנע. (די פּיעסע „יולים" טראָגט אפילו דעם נאָמען „4 טעג").

גלייך פון די ערשטע שורעס פארקניפּט דער שרייבער זיין פער־זענלעכקייט מיטן גורל פון די ווילנער קאָמונארן.

דער ערשטער קאפּיטל „דער וועג צו יוליסן" שטעלט מיט זיך פאָר א בריוו פון דעם שרייבער צו זיין ברודער ליבערטע. דער דאָזיקער בריוו איז אן אריינפיר צו די ווייטער געשילדערטע גע־שעענישן, אן אריינפיר, וואָס מאכט אזוי קלאָר די נאָענטע אינ־טימע שייכעס פונעם שרייבער צו די אלע קאָמונארן־געשטאלטן.

נאָך בוילעטער איז דער שרייבערשער צוגאנג צו די קאָמונארן אויסגעדריקט אינעם מאָטאָ צום בוך: „אין טאָג פון פינפטן יאנוואר וועט מינאסטאם פאלן אפ די ווילנער גאסן א קלאָרער ערשטער שניי... פוילישע לעגיאָנערן וועלן מיט שווערע שטיוול דעם ערשטן

שנײ צעטרעטנ אונ מאכנ אימ ברודיק־שוואַרצ... אונ איכ וועל מיט א צאפלדיק הארצ, מיט יונגע הענט דעמ ברוד פונ שנײ אראָפּנעמענ, זוכנ מיט ברײט־צעעפּענטע אויגנ די אָפּגעמעקטע טריט פונ די זעקס קאָמונארנ"...

דער שרײַבער האָט ווירקלעכ געשריבנ דעמ בוכ מיט א „צאַ־פלדיק הארצ".



נאָכנ ארײַנפּיר ווערנ באלד אלע געשעענישנ קאָנצענטרירט ארומ ראט. א גרופּע באָלשעוויקעס, ײדישע אונ פּוילישע, אָרגאניזירנ אינ ווילנע סאָפּ 1918 יאָר אנ ארבעטער-ראט. קײנ מערהײַט ארבעטער האָבנ זײ נאָכ ניט. אינ ווילנע זײַנענ שטארק די ײדישע אונ פּוי־לישע מענשעוויקעס: דער „בונד" אונ די פּעפּעעס. ווילנע איז דאָס וויגעלע אונ די רעזידענצ פונ „בונד", אונ ניט צופעליק איז עס. אינ ווילנע איז געווענ אונ איז פאראנ א שטארקע ײדישע נאציאָ־נאליסטישע בורזשואזע אונ קלײנבירגערלעכע אינטיליגענצ. דער „בונד" האָט אויסגעבויט זײַנע א פּעסטונג אינ דער דאָזיקער שטאָט. דער ראט געפינט זיכ אינ א פּײַנטלעכער ארומרינגלונג. קעגנ אימ זײַנענ די דײַטשישע אָקופּאנטנ; די פּוילישע לעגיאָנערנ זאמלענ זײערע קרעפטנ אונ גרײטנ זיכ צו פארכאפּנ די שטאָט. דער מענשעוויזמ, דער ײדישער אונ דער פּוילישער, קלײַבט זיכ אויכ ארײַנשטעקנ א מעסער אינ רוקנ דעמ ראט. דער אומקומ פונעמ ראט איז בא דער דאָזיקער סיטואציע געוואָרנ אומפארמײַדלעכ. די ווילנער קאָמונארנ נעמענ זיכ אינעמ לעצטנ מאָמענט דאָס לעבנ.

אונ דאניעל שילדערט דעמ טראגישנ אומקומ פונ ווילנער ראט אונ פונ די קאָמונארנ ווי א רעזולטאט פונ דעמ נידערטרעכטיקנ פארראט מיצאד די מענשעוויקעס.

דאניעלס „יוליס" גיט קינסטלערישנ מאטעריאל אפ כאראקטעריזירנ די ראָליע פונ די מענשעוויקעס אינ די אָקטיאבער-יאָרנ. אינ פארגלײַכ מיטנ בוכ „אפנ שוועל" איז דער שרײַבער געוויס אידעאָלאָגיש רײַ־פער געוואָרנ אינ קאָמוניסטישנ זינענ. שוינ ניט ז ײַ ט י ק ע אונ ניט א נ ט ו י ש ט ע, וואָס זײַנענ גרײט צו קאפּיטולירנ פאר דער פּראָלע־

טארישער רעוואָליוציע, דערשײַנען פאר אונדז די הירש ליבערמאנס, נאָר זיי דערשײַנען אין זייער קאָנטררעוואָליוציאָנערער פראקטיק, אין זייער עבערט-נאָסקע פונקציעס.

עס איז נאָר העכסט פארדריסלעך, וואָס דאניעל איז אינעם בוך „יולים“ ניט אומעטום אינגאנצן קאָנסעקווענט אינעם שילדערן די מענשעװיקעס. אָט, לעמאָשל, פרוּווט ער ערטערווײַז אזוי קאָמפּראָמעטירן די מענשעוויקעס: „שווארצע בענדלעך טראָגן אף די ארבל איז גרינגער ווי א ביקס אין האנט“. דארפן די דאָזיקע ווערטער באטײַטן, אז די מענשעוויקעס האָבן ניט *פארטײדיקט* דעם ארבעטער־ראט פון די לעגיאָנערישע באנדעס און איצט זײַנען זיי אף דער לעווײַע. באָגוסלאווסקי האָט דאָך אָבער יאָ געטראָגן א ביקס אין האנט, מער ניט, וואָס באָגוסלאווסקיס ביקס איז געווען געצילט *קעגן* ראט.

אף דער לעווײַע פון די קאָמונארן הערן מיר אזעלכע פראגן און ענטפערס: „ווו זײַנען געווען די ווילנער סאָציאַליסטן? דיסקוּסירט וועגן דיקטאטור און דעמאָקראטיזם און צוגעקוקט, ווי זיי (די קאָמונארן. — ש. ק.) גייען אָפּ מיט בלוט“, אָבער די באָגוסלאווסקיס האָבן זיך דאָך גאָרניט באנוגנט מיט דער ראָליע פון צושויער, באאָבאכטער פון דער בלוטיקער געשיכטע. זיי זײַנען געווען פארבונדן מיט די לעגיאָנערישע אָטריאדן און אפילע אָנגעפירט מיט זיי. און גופע די דיסקוסיעס וועגן דיקטאטור און דעמאָקראטיזם האָבן באטײַט ניט אז די *מענשעוויקעס פארטײדיקן ניט* דעם ארבעטער־ראט, נאָר זיי האָבן באטײַט *אקטיוון קאמף* קעגן דעם ארבעטער-ראט.

וואָרעם אין די דאָזיקע דיסקוסיעס האָבן בונדיסטן „דערוויזן“, אז „נאָר אזוינע מיטלען, וואָס באציִען זיך מיט דער גרעסטער פאַראכטונג צום פאָלק, קאָנען האָבן די האָזע צו גיין אין אזא מאָמענט אף אן איבערקערעניש“... „מיר האלטן, אז *די באָלשעוויסטישע איבערקערעניש איז א מעשוגאס*“. (בונדישע „ארבעטער־שטימע“, נאָיאבער 1917 יאָר). די פּראָלעטארישע רעוואָליוציע האָבן בונדיסטן אָנגערופן *אוואנטיורע* (בונדישע „פאָלקס-צײַטונג“, פעוורואל 1918 יאָר). באטײַט דאָס וואָס? ניט פארטײדיקן די פּראָלעטארישע רעוואָליוציע? אָדער אקטיווער קאמף קעגן איר?

אין דער „יולים“־פּיעסע („4 טעג“) איז שוין די כאראקטעריס־

טיק פונ די מענשעוויקעס אומעטום א קאָנסעקווענטערע. די ליניע א מער גראָדערערע: „ניט קיינ פאכדאָנים, נאָר פארעטער" זײַנענ זיי. דער „סאָציאַליסט" באָגוסלאווסקי ווערט געשילדערט אינ דער פיעסע מיט זײַנ גרויסנ „נאציאָנאַלנ" פאטאָס... הײַנט איז ניט דער ערשטער קריג צווישנ מאָסקווע אונ ווארשע... הונדערטער יאָרנ האָט פוילנ געשמאכט אונטער דער רוסישער אונטערדריקונג. איצט איז צײַט, ווענ אַלע קלאסנ, דאָס גאנצע פאָלק דארפ זיכ שטעלנ, ווי אנ אײַזערנע וואנט קעגנ מאָסקווע. דער הונדערטיאָריקער טרוימ פונ דער פוילישער אינטעליגענצ ווערט איצט פארווירקלעכט"... („4 טעג", ז. 35).

גראָד פונ אָט דער דאָזיקער „נאציאָנאַלער" פאטעטיק רעדט אזוי קלאָר אונ בוילעט ארויס דער קאָנטררעוואָליוציאָנערער סאָציאַליסט פונ פעפעעס דער „נאציאָנאַלער" פאטאָס איז דאָ אויסגעשפראָכענער קאָנטררעוואָליוציאָנערער פאטאָס.

באם שילדערנ די טראגעדיע פונ ווילנער ראט אקצענטירט דאַניעל באזונדערס די העראָישע טאטנ פונ דער איינצלנער פערזענלעכקײַט. איר גיט ער אָפּ זײַנ גאנצע קינסטלערישע ענערגיע. די מאסע מיט איר ברויז, קאמפּ, לײדנ בלײַבט ווי פארשאָטנט.זי איז אינ בוכ „יולים" זייער אונ זייער ניט בוילעט ארויסגעפירט. ביז דער לעווײַע, לעמאָשל, ווייסנ מיר ניט, מיט וואָס עס עטעמט די מאסע, פאר וועמענ איז זי? צי איז זי פאר די קאָמונארנ, אָדער זי איז פארסאמט מיטנ מענשעוויסטישנ סאמ פונ די ראולס אונ באָגוסלאווסקיס?

אונ טיפע יוירונג־פראָצעסנ זײַנענ דאָכ פאָרגעקומענ אפילע אינ די מענשעוויסטיש־באווירקטע מאסנ אינ יענע יאָרנ. עס זײַנענ פאָרגעקומענ ביז גאָר אינטערעסאנטע פראָצעסנ. א טאָג נאָכ דער ערשטער פײַערלעכער זיצונג פונ ווילנער ארבעטער־ראט, דעמ 16-טנ דעקאבער 1918 יאָר, איז אינ ווילנע פאָרגעקומענ אנ איינטאָגיקער אלגעמיינער שטרײַק אונ דעמאָנסטראציע. דאָס איז געווענ א פראָטעסט־שטרײַק קעגנ די דײַטשישע אָקופאנטנ. אינ 8 טעג ארומ, דעמ 24־טנ דעקאבער, האָט זיכ אָנגעהויבנ אנ אלגעמיינער פאָליטישער שטרײַק. עס האָבנ פארשטרײַקט די עלעקטראָסטאנציע, די וואסערלייטונג, עס האָט זיכ אָפּגעשטעלט די

באוועגונג אפ דער אײַזנבאנ אאוו. אדג. דאָס זײַנענ אלצ געְ
וועג מאסנ-אקציעס, אָרגאניזירט פונ ווילנער ארבעְ
טער־ראט קעגנ די אָקופּאנטנ, מאסנ־אקציעס, וואָס האָבנ געהאט
דעמ ציל אויסצוקעמפנ די גאנצע מאכט פארנ ארבעטערְ
ראט.

אינ די רייענ פונ די מענשעוויסטישע פארטייענ בא די ארבע-
טער, וואָס זײַנענ נאָכ גטוועג באווירקט פונ אָט די פארטייענ, האָבנ
מיר געהאט שטארקע אָפּאָזיציאָנעלע שטימונגענ. (אָפּאָזיציאָנעל צו דער
קאָנטררעוואָליוציאָנערער ליניע פונ אָט די פארטייענ). די בונדיסטנ
זײַנענ געזעסנ צוזאמענ מיט די פארשיידענע קרעמער אונ סאָכרימ
אינ די קעהילעס. האָבנ מיר דאָרט געהאט אזעלכע שטימענ פונ אָפּאְָ
זיציאָנעל-געשטימטע ארבעטער: „אינ דער צײַט, ווענ אונטער ווילְ
נע גיסט זיכ ארבעטער-בלוט אינ קאמפ קעגנ די קאָנטררעוואָליוציאָ-
נערע באנדעס, וואָס די הערנ וויגאָדסקיס (וויגאָדסקי איז א ווילנער
יִדישער „דעמאָקראט“, מיטגליד פונ ווילנער קעהילע. — ש. ק.) אונ
זייערע כעוורע העלפנ אָרגאניזירנ — קאָנענ מיר זיכ אפילע אפ איינ
מינוט ניט געפינענ צוזאמענ מיט די אויבנ דערמאָנטע הערנ אפ א גע-
היימער זיצונג אונ מיר פארלאָזנ דעמ זאל“ (דאָס איז פאָרגעקומענ
אינ ווילנע דעמ 1-טנ יאנוואר 1919 יאָר, א פאָר טעג פארנ אומקומ
פונ די ווילנער קאָמונארנ). (ציטירט לויטנ ווילנער „פינקעס“ פארנ
1922 יאָר, ז. 26).

דער ווילנער ארבעטער-ראט, די ווילנער קאָמונארנ האָבנ זיכ באְ
קומענ אינ בוכ „יוליס“ אָפּגעשניטנ, איזאָלירט פונ די ווילנער ארבע-
טער-מאסנ. אונ מיר פילנ ניט אינ „יוליס“, וויִאזוי דער רעוואָליוציאָ-
נערער אָטעמ פונעמ גאנצנ לאנד גליט אָנ די אטמאָספער ארומ דעמ
ראט, וויִאזוי די רעוואָליוציע אינ די אנטשיידנדיקע טיילנ פונ לאנד
„אנטוויקלט, שטיצט, וועקט די רעוואָליוציע“ אינ אלע איבעריְ
קע טיילנ.

מיר האָבנ שוינ דערמאָנט, אז דאניִעל האָט גענומענ פאר זײַנ
„יוליסנ“ זייער א באגרענעצטע צײַט. אלצ קומט פאָר אינ מעשעכ פונ
4—3 טעג. דערציילנ וועגנ דעמ נעכטנ פונ די קאָמונארנ האָט מענ
דאָ געקאָנט בלויז אפנ אויפנ פונ זיכרוינעס. זיכרוינעס, וואָס אנדערע

דערציילנ וועגנ זיי, אָדער זיכרוינעס, וואָס זיי אליינ דערציילנ וועגנ זיכ.

קיינ גאנצע אויסדערציילטע געשיכטעס וועגנ יעדער געשטאלט, קיינ באזונדערע כאראקטערנ האָבנ מיר ניט אינ ווערק „יוליס", אונ האָבנ ניט דערפאר, ווייל אינ דעמ שרייבער דאניעלס שעפערישנ מעטאָד זיינענ דאָ פאלשע, געפערלעכע מאָמענטנ, וועגנ וועלכע מיר וועלנ שפעטער געגויער ריידנ.

אינ ווערק „יוליס" זיינענ דאָ נאָר איינצלנע צעוואָרפענע כאראקטעריסטיקעס פונ פיגורנ, ווי, לעמאָשל, יוליס אינ זיינ קינדהייט.

יוליסנ דעמ קינד כאָלעמענ זיכ ניט קיינ מעסערלעכ, ווי עס האָט זיכ געכאָלעמט שאָלעמ אליינעמס קינדער. יוליסנ כאָלעמענ זיכ די ארבעטער-דעמאָנסטראציעס אינ שטאָט פעטערבורג. יוליסנ כאָלעמט זיכ די גאפאָנ-געשיכטע, אונ דאָס קינד יוליס שרייט אויס פארשטיקט:

— כאוועד גאפאָנ, גלייב ניט דעמ קייסער.

דאניעל פעלשט אָבער דאָ אינ א געוויסער מאָס, ווענ ער שרייבט צו דעמ קליינינקנ יוליס, אז עס האָט זיכ אימ געכאָלעמט: „א קויל האָט אימ געטראָפנ אינ שלייפ. ער בלייבט הענגענ א צעשאָסענער אפנ זילבערנעמ צײלעמ. די מאכנע דרייט זיכ אויס מיט די רוקנס צומ פאלאצ, צומ גאלעכ אונ הייבט אָנ לויפנ צוריק. ער בלייבט ליגנ אפנ ווייסנ שניי, קוקט, ווי איינציקע טראָפנס בלוט רינענ פונ זיינ דורכגעשאָסענעמ שטערנ, אונ שרייט ניט..." דאָ איז געוויס רעטראָספעקטיוו אריבערגעטראָגנ אפ דער קינדהייט די שטימונג פונ פארמישפעטקייט, וואָס יוליס דער קאָמונאר פילט אינ ראט.

א פיגור, וואָס דאניעל האָט באזונדערס שטארק דערפילט, איז געוויס דער אלטער קאָמונאר, דער פוילישער זעצער ס ט א נ י ס ל א ו ו. דאניאל האָט אימ געשילדערט דורכ זייער געראָטענע דעטאלנ: „וווּנדערלעכע פינגער האָט סטאניסלאוו פארמאָגט: דארע באוועגלעכע אונ שטארק אומרויקע"...

„אלע מאָל, ווענ לודוויג אָדער יוליס ריידנ, ווערנ אומרויק באמ אלטנ פוילישנ זעצער די דארע פינגער, זוכנ אינ דער ארומיקייט בלייענע אויסיעס, אונ דינע נאָזלעכער בענקענ שטארק נאָכנ גערוכ פונ פרישער פארב". דער קלאסנ-כוש סטאניסלאווס איז אזוי ווי אינ

זייַנע הענט פאַרקערפּערט: „אָפּט פֿלעגט טרעפֿן, אַז די פֿינגער פֿלעגן בלייַבן ליגן פאַרגליווערט אַפֿן זאַץ, די אויגן פֿלעגן זיך אָנציינדן מיט האַס און די דינע ליפּן פֿלעגן אופּציטערן:

„איך וועל מיט מייַנע הענט דעם הינטישן אַרטיקל ניט אויס־זעצן... ער איז געווענדט קעגן אונדז“...

פֿאַרביק האָט זיך באַקומען בײַ דאַניעלן יאַנקל מאַראַט.

יאַנקל מאַראַט איז ביז ניט לאַנג געווען אַן אַנאַרכיסט. ער האָט יאָרן געבלאָנדזשעט אין די טונקעלע לאַבירינטן פֿון די פֿאַרשיידענע אַנאַרכיסטישע סיסטעמען. דער שרייַבער האָט זיך דאָ ניט געלאָזט אַפֿן גליטשיקן וועג פֿון אָנוואַרפֿן אַ סכעמאַטישן פּלאַקאַט, אַ קאַרי־קאַטור פֿון אַן אַנאַרכיסט.

די געשטאַלט פֿונעם קאָמונאַר יאַנקל מאַראַט האָט דאַניעל גע־געבן פּאַרטיפֿס. יאַנקל מאַראַט שלאָפֿט קיין נעכט ניט. בײַ דעם אַנאַר־כיסט מאַראַט איז אַ געמיש פֿון צעפֿלאָנטערטע אידייען, ער וויל אויספּרוּוון אַלע געזעלשאַפֿטלעכע סיסטעמען „און וועלכע סיס־טעם ס'וועט געבן מער פֿרייד און גליק דעם מענטשן און פֿאַר־זיכערן די אַבסאָלוטע פֿרייַהייט און גלייַכהייַט — יענע וועט ווערן דעקרעטירט פֿריִער פֿאַר רוסלאַנד און דערנאָך פֿאַר אַלע אופּגע־שטאַנענע פֿעלקער“. ברוכשטיקער פֿון דער קליינבירגערלעכער אידע־אָלאָגיע האַלטן אין קלעם דעם האָרעפּאַשניק יאַנקל מאַראַט. אָבער יאַנקל מאַראַט איז אַ האָרעפּאַשניק. און זייַנע אַלע פּרוּוון און דער גאַנצער געמיש פֿון די צעפֿלאָנטערטע געדאַנקען און אידייען שטאַמען אויך פֿונעם שאַרפֿן ווייטעק, וואָס די „וואָס פּראַצעווען, האָבן שוין ניט איין מאָל געמאַכט רעוואָלוציעס... מיט זייערע הענט צעבראָכן אַל־טע סיסטעמען און אויסגעבויט נייַע“, און אויסגענוצט האָבן עס אַנ־דערע קלאַסן, אויסגענוצט האָט עס די בורזשואַזיע.

דער געמיש פֿון די צעפֿלאָנטערטע אידייען שטאַמט בײַ יאַנקל מאַ־ראַטן פֿון זייַן לייַדנשאַפֿטלעכן פֿאַרלאַנג אויסצובויען אַ נייַע וועלט, פֿון אַ פֿאַרלאַנג, וואָס ווערט פֿאַרטונקלט פֿון דעם, וואָס אין דער זעלבער צייַט ווייס ניט מאַראַט, וויאַזוי די דאָזיקע נייַע וועלט צו בויען.

און פֿאַר יוליסן דערשייַנט ער אַזאַ. יוליס פֿאַרשטייט אים און

פּילט אים: „פאַר יוליסן איז געשטאַנען א געבויגענער טרעגער, מיט אויגן, פאַרצויגענע פון פּײַן און אומרו".

און דאַן קומט דאָס סאַמע אינטערעסאַנטע אין דער מאַראַט-שילדערונג. יוליס לייגט פאָר יאַנקל מאַראַטן לעונס ווערק „מעלוכע און רעוואָליוציע". און לעונס ווערק „מעלוכע און רעוואָליוציע" מאַכט אָרדענונג אין יאַנקל מאַראַטס צעפּלאָנטערטן מוח. ער ווערט ווי ניי געבאָרן און ווערט פאַרשיקערט פון פרייד, ווען ער דערוויסט זיך פון לעונס „מעלוכע און רעוואָליוציע", אַז די קאָמוניסטישע רעוואָליוציע איז די לעצטע רעוואָליוציע, און נאָך דער קאָמוניסטישער רעוואָליוציע וועט קומען די אַזוי גענאַרטע, די אַזוי געטרוימטע סיסטעם, וואָס וועט געבן פרייד און גליק דעם מענטשן.

דאַניעלן ציט זייער צו הערשעיק, אים ציט צו דאָס גרויסע און העלדישע פונעם פּראָלעטאַרישן קאַמף, ער ווערט פאַרכאַפּט פונעם לעגענדאַרישן און ראָמאַנטישן, וואָס די רעוואָליוציאָנערע שטרײַטן אַנטהאַלטן אין זיך. די געשלעגן פון די בערדיקע פּאָפּלאַווער מיט דער קאָנטררעוואָליוציע אָפּן פאַרפרוירענעם טײַך קלינגען פאַר דאַניעלן ווי א שיינע און העלדישע לעגענדע, וואָס אָט אָט שאַפט זי זיך אין אונדזערע טעג, ווי א שיינע און העלדישע לעגענדע, וואָס אָט אָט ווערט זי געבוירן פאַר אונדזערע אויגן, דערשײַנט פאַרן שרײַבער דער הערשעישער טויט פון די ווילנער קאָמונאַרן. סײַ „אָפּן שוועל" סײַ די געשעענישן „יוליס" האָבן געגעבן ניט קיין קליינע צאָל בײַשפּילן פון רעוואָליוציאָנערן ראָמאַנטיזם, וואָס גייט אַרײַן אַלס אָרגאַנישער באַשטאַנדטייל אינעם שעפערישן מעטאָד פון דער סאָוועטישער ליטעראַטור — אין סאָציאַליסטישן רעאַליזם.

אָבער דאָ קומען די שוואַכקײַטן אין דאַניעלס שעפערישן מעטאָד. דאַניעל איז א גוטער דערציילער, ניט קיין שלעכטער סוזשעט-מײַסטער, זײַנע ווערק זײַנען פול מיט ווילן, טאַט, האַנדלונג. אָבער די דאָזיקע בעפּיירישע גוטע אייגנשאַפטן דאַרפן בא דאַניעלן פאַרבײַטן פּסיכאָלאָגישע איבערלעבונג, פּסיכאָלאָגישן אַנאַליז. און דאָ ווערט שוין גאָר און גאָר ניט פריילעך. פאַראַן בא דאַניעלן די טאַט, די האַנדלונג פונעם קעמפער, פאַראַן בא דאַניעלן די טאַט, די האַנדלונג פון אַנדערע פּערסאָנאַזשן, גאַנץ ווייניק איז אָבער דאָ

בא דאניִעלן פּאָרטיפּטע פּסיכאָלאָגישע כאַראַקטעריסטיק סײַ פונעם קאָמונאַר און סײַ פונעם מענשעוויק.

און וואָלט דאַניִעל זיך ניט געהאַלטן בא דער פאַלשער מיינונג, אַז „דער מעטאָד פון פּסיכאָלאָגיזם אין דער קונסט איז אופגעריסן געוואָרן אין די טעג פון אָקטיאַבער, פּונקט, ווי דער ווינטער פּאַ־לאַץ אין פּעטערבורג״ (זע דאַניִעלס אַרטיקל אין „פאַרמעסט״, נומ. 11 פון 1933 יאָר אונטערן שרײַענדיקן קעפּל „Прекратить прения“), דאַן וואָלט דאַניִעלס שילדערונג פון די פּערסאָנאַזשן זייער און זייער פיל געוווּנען. דאָס גרויסע און דאָס העלדישע, דאָס ראָמאַנ־טישע און לעגענדאַרישע פונעם פּראָלעטאַרישן קאַמף וואָלט דאַניִעל געקאָנט אויסנוצן אַף קינסטלעריש אויסבילדן דעם כאַראַקטער פונעם פּראָלעטאַרישן רעוואָלוציאָנער. ער וואָלט דאַן געקאָנט באַ־ווײַזן וואָס פאַרא נײַעם מין מענטשלעכן מאַטעריאַל עס שטעלט מיט זיך פאָר דער קאָמונאַר. און ווידער וואָלט זיך דאַן געקאָנט אַנטפּלעקן די מענטשלעכע נישטיקײַט פונעם מענשעוויק, דעם רענעגאַט און פאַררעטער. סאַראַ אינטערעסאַנטע קאָנסטרוקציעס עס שטייט דאָ פאָר צו קאָנסטרויִרן דעם „אינזשעניער פון דער מענטשלעכער נעשאָ־מע״ פון די רעאַל עקזיסטירנדיקע, פון די רעאַל פאָרמירנדיקע סאָ־ציִאַל־פּסיכאָלאָגישע פּראָצעסן בא די מענטשן פון די פאַרשיידענע סאָציִאַלע וועלטן. אָבער דאָס איז מעגלעך דאַן, ווען מע גייט ניט אוּם די פּסיכאָלאָגישע שילדערונג...

דאַניִעל האָט זיך באַשעפטיקט מיט ליבע־פּראָבלעמען סײַ „אַפּן שוועל״, סײַ אין „יוליס״. און דאָ האָט מען אויך אַוואַדע ניט גע־קאָנט איבערלאָזן אין ווינטער־פּאַלאַץ אַף צעשיסן דעם „מעטאָד פון פּסיכאָלאָגיזם״, ווי אַ פעאָדאַל בורזשואַזן פאָרורטייל. דאַניִעל האָט אָבער געפּרוּווט אַזוי טאָן. און דאַניִעל איז דאָ באַשטראָפט געוואָרן. אין די ליבע־אָנגעלעגנהײַטן, סײַ פון בערטע — ראַשאַל סײַ פון אַנאַ — לודוויג, האָט דער שרײַבער אונדז אַ שפּאָר ביסל סענטימענ־טאַלע און אויסגעטראַכטע געשיכטעס געלאָזן אויסדערציילן. בערטע איז געשילדערט געוואָרן מיט איר פונקציע — זײַן אומעטום און בא אַלעמען אַ סעקרעטאַר... אַנאַ באָגדאַנאָוויטש איז אָן אַן ערעך אַ מער שטאַרקערע און ריכטיקער געשילדערטע פיגור פון אַ קאָמו־

גיסטן. זי האָט אין אירע הענט קאָנצענטרירט אַלע געדאנקען און געפילן פון די פארטיזאנער און פירט מיט זיי אָן. אָבער באגלייך דערמיט, פארפאסט דאניעל א „שפאנענדיקע" ניט געשטויגענע און ניט געפלויגענע געשיכטע וועגן אן אונטערוויגיקער ליבע. און די דאָזיקע אויסגעטראכטע אונטערוויגיקע ליבע טראָגט געוויס אריין שטריכן פון ביליקער „ראָמאנטיק". און קאָן, נאטירלעך, אפ קיין האָר ניט בווילעטער מאכן די פיגורן פון די קאָמונארן, ווי דער שרייבער האָט עס פארלאנגט...

און עס איז ביז גאָר אינטערעסאנט, וואָס אין דער שילדערונג פון יענע פיגורן, ווו דאניעל טרעט אָפּ פון זיין פסיכאָלאָגישן ניהיליזם, אין דער שילדערונג, לעמאָשל, פונעם פוילישן ארבעטער סטאניסלאוו, אָדער פון מאראטן, באקומען מיר פארביקע און פארגעדענקלעכע פאָרטרעטן. און די דאָזיקע פיגורן זיינען פארביק און פארגעדענקלעך טאקע דערפאר, ווייל מיר האָבן דאָ געוויסע פסיכאָלאָגישע צייכענונגען.

דאניעל פירט אריין אין בוך „יוליס" עפּיזאָדן, וואָס באווייזן יענע ברויזנדיקע רעוואָלוציאָנערע קרעפטן, וועלכע גייען צו הילף דעם פון סאָנים ארומגערינגלטן ווילנער ראט. דאָס איז, ערשטנס, אנאס אָטריאד, וואָס גייט פון מינסק קיין ווילנע, און ארויסגעפירט ווערט ער אזוי, אז בא יעדן אנאס פארטיזאן הערט איר א פארשטארקטן הארצקלאפּן פאר דעם גוירל פון דער רעוואָליוציע אין ווילנע, פאר דעם גוירל פון די ווילנער קאָמונארן. דאָס איז, צווייטנס, די געשיכטע מיט די ספּארטאקער. די דייטשישע ארמיי פארלאָזט ווילנע, עוואקוירט זיך, קערט זיך אום אהיים. אָבער „פרידריך ניימאן, דער פּאָשעטער דייטשישער סאָלדאט, איז צום באן ניט געלאָפן". פרידריך ניימאן מיט זיין גרופּע געהערן צו דער ספּארטאקישער אונטערערדישער אָרגאניזאציע, און זיי האָבן געוווסט, אז זיי דארפן בלייבן פארטיידיקן די רעוואָליוציע אין ווילנע. זייער פּאָטערלאנד איז דאָרט, ווו עס איז פּראָלעטארישע רעוואָליוציע. און פרידריך ניימאן לייגט זיין קאָפּ ניט פארן ווילהעלמישן דייטשלאנד, נאָר אין קאמף קעגן די סאָנים פון ווילנער ארבעטער-ראט — אין קאמף קעגן די ווילנער לעגיאָנערישע „סאָציאַליסטן".

און פאַראַלעל מיטן שילדערן דעם העראָישן טויט פון דעם „פאָשעטן דייטשישן סאָלדאַט" פרידריך ניימאַן, שילדערט דאַניעל די רוסישע קריגסגעפאַנגענע און רייסט אויף זייער פויערשע באַגרעניצטקייט: „וואָס האָבן מיר דאָ צו טאָן? — ס'איז ניט אונדזער שטאָט! מיר זיינען דאָ בלויז דורכפאָרער און מער גאָר... ווען עס טרעפט אַזאַ היינטישע געשיכטע בא אונדז אין דאָרף, לייג איך מיין קאָפּ פאַר מיין פויערישער זאַך... און איצט זיינען מיר דאָ אומזיסט! איינגאַנצן אומזיסט! ניט מיר האָבן דאָ דעם ראַט געמאַכט און ניט פאַר אונדז איז ער באַשאַפן".

דער דאָזיקער פויערישער באַגרענעצטקייט ווערט קעגנגעשטעלט אַן אַנדער טיפּ פויער, אַפראַסיעוו, מיט אַ העבערן, אַ רייפערן קלאַסן־באַוווּסטזיין, מיט אַ באַוווּסטזיין וועגן דער נאָענטער שייכעס פון „דער דאָזיקער היינטישער געשיכטע" אין ווילנע מיטן גורל פון דער רעוואָלוציע אין ריאַזאַנער אָדער טאַמבאָווער דאָרף: אַפראַסיעוו ווייסט, אַז, פאַרטיידיקנדיק דעם ווילנער ראַט, פאַרטיידיקט ער „זיין פויערשע זאַך". אַפראַסיעוו — דאָס איז יענער עכטער פאָרשטייער פון דעם רעוואָלוציאָנערן אָרעמען פויערטום, וואָס האָט געשלאָסן דעם בונד מיטן פּראָלעטאַריאַט אין קאַמף קעגן די קאַפּיטאַליסטן און פּריצים.

★

דער ווילנער אַרבעטער־ראַט איז אומגעקומען. און דער אומקום איז געוואָרן אומפאַרמיידלעך צוליב דעם שענדלעכן פאַראַט פון די ווילנער פוילישע און יידישע „סאָציאַליסטן". די קערפערס פון די העלדיש אומגעקומענע קאָמונאַרן האָבן די פוילישע לעגיאָנערן אין אַפּרעל 1919 יאָר אַרויסגעוואָרפן פון ברודער־קייווער אויפן פעלד.

ליגן די קערפערס אויפן פעלד און וואַרטן... צו זיי דערגייען פון דערבייַיקן וואַלד קאָמוניסטישע לידער. דער וואַלד פאַרטראָגט די יונגע שטימען אין פאַרשאָטענעם טאָל, לייגט זיי אַוועק איינעם מיטן ווייַסן שניי בא די זעקס הילצערנע קעסטלעך, פאַרטרויט שטיל און געהיים:

— „ניט לאַנג וועט איר וואַרטן, כאַווערים, אָפּ רו".

אין די דאָזיקע לעצטע „יולי"־שורעס איז פאַראַן אַ טיפער

גלויבן און איבערצײַגונג, אַז אַ טראַגעדיע האָט איבערגעלעבט דער ווילנער אַרבעטער-ראַט פֿון יאָר 1919. אומגעקומען זײַנען הערלעכע קאָמונאַרישע לעבנס. אָבער מיט דער רעוואָלוציע אין ווילנע האָט קיין טראַגעדיע ניט געקאָנט פֿאָרקומען. הערן מיר דאָך ווידער איר קלאַפּן אין די טויערן פֿון ווילנע, איר קלאַפּן אין די טויערן פֿון פּוילן, עסטרײַך, דײַטשלאַנד, שפּאַניע און פֿון אַ ריי אַנדערע לענדער פֿון מײַרעוו און מיזרעך.

1932 — 33

# אינ נײַעמ װוּקס

(װעגנ ב. אָליעוווסקיס „שאכטע")

## I

„אוא מינ שליאכ—לעװאָנע אונ שאָס"
קענסט שרײַענ הײַנט, ס'װעט קײנער דיר ניט זאָגנ...
שטיבלעכ הילצערנע זיכ װאלגערנ אינ שנײ,—
א פינפטע ראָד צומ װאָגנ".

(„װוּקס", ז. 25).

די שטאמ־װײַענ פונ די אָפּגײענדיקע הענדלעריש־קרעמערישע שיכטנ אינעמ סאָװעטישנ שטעטל האָט אָליעוווסקי אינ זײַנ „װוּקס"-פּעריאָד געשילדערט אלס פערספעקטיװ פארנ גאנצנ שטעטל. ער האָט זײַנ לירישנ טאלאנט אװעקגעגעבנ אָט די דאָזיקע שטאמ-װײַענ. ער איז געװענ דאנ פול מיט טרויער אונ אומעט. זײ, די שטאמ-װײַענ, האָבנ דאנ פארשטעלט פארנ דיכטער די װוּנדערלעכע פאנאָראמע פונ דער סאָציאליסטישער בױונג אינעמ גאנצנ לאנד אונ אינעמ שטעטל. מע קאָנ זאָגנ, אז אָליעוווסקי האָט דאנ ארויפגעקוקט אפ דער װעלט, אפ מענטשנ—

„... פונ אלטנ בארג,
װוּ קרעמלעכ הילצערנע הײבנ זיכ אלץ העכער,
װוּ עס שוידערט קאלט אינ פינסטערניש דער מארק".

סארא ניט זיכערער אונ אונטערגעפוילטער באָבאכטונג-פונקט פאר א קינסטלער!

וואָלט בלויז אָליעווסקי ניט אויסגעקליבן פונעם „אלטנ באַרג“ וואָלט ער גאנצ שנעל צעפּאטערט זייַנ טאלאנט, אונ וועגנ קיינ נייַע דערגרייכטע הייכנ וואָלט גאָר קיינ רייד ניט געקענט זייַנ. אָבער שוינ אינ „וווקס“ האָט זיכ אָליעווסקי געראנגלט מיט זייַנע שטאמ-ווייענ, געוואָלט זיי אַריבערוואקסנ, אויסטאָנ זיכ פונ זיי, געשריבנ: „פארגאנ-גענהייַט, כ'האָב דיכ פייַנט“. די פולע איבעראָריענטירונג, דער פולער אונ טיפער איבערגעבורט איז בא אָליעווסקינ פאָרגעקומענ באַמ אָפּ-שליסנ דעמ „וווקס“-פּעריאָד.

איצט, אינ זייַנ פּאָעמע „שאכטע“, דערשייַנט פאר אונדז אָליעווסקי אינ גאָר אַנ אנדער געשטאלט. ניטאָ קייַנ סימענ פונעם פריִערדיקנ מי-נאָרנ טאָנ, א טיפ אָפּטימיסטישער אונ פרייִדיקער געמיט. דערבייַ איז אָליעווסקי אינ גרונט געבליבנ דער זעלבער לירִיקער, וואָס איז אזוי אינטימ אונ הארציק מיט די געשילדערטע מענטשנ, קעגנשטאנדנ אונ מיט דער גאנצער געשילדערטער וועלט, ער האָט נאָר איבערגעשלאָסנ זייַנ לירישע ליבע אונ געענדערט די ריכטונג אונ דעמ אדרעסאט פונ זייַנ לירִיזמ.

„...ייִשווימ שטייענ אופ אונ ס'גייענ די קאָלאָניעס,
זיי לאָזנ זיכ אינ לאנד אפ אָנגעדלעכע ווערסטנ —
וואָס דערלאנגענ אפנ מיזרעכ קיינ יאפּאָניע,
אונ דערלאנגענ אפנ דאָרעמ אזש קייַנ פערסיע.
פאראנ בא אונדז אי קורדנ, עסקימאָסנ,
אפ אונדזער דאָרעמ בלייַענ ערגעצ אבריקאָסנ,
אפ אונדזער צאָפנ זאווערוכעט אונ שנייט —
סארא ראכוועס ...
סארא לענג אונ סארא ברייט“..

(„שאכטע“, ז. 5).

שוינ אינ דער דאָזיקער אוווערטיורע וויקלענ זיכ פאנאנדער העלע, ליכטיקע פערספּעקטיוונ פאר די אופגעשטאנענע ייִשווימ.

עס וואָלט געווענ דורכויס פאלש צו מיינענ, אז אָליעווסקי האָט אינ זייַנ „שאכטע“ נאָר געענדערט די טעמאטיק, כאָטש אינ דער ענ-דערונג פונ דער טעמאטיק — דאָס צעזעגענענ זיכ מיט קרעמלעכ אונ די קוואָרימ, מיט די אלערליי אָפּגאנגענע אונ פארגאנגענ,— איז שוינ אלייַנ געווענ אנ אידעאָלאָגיש-קינסטלערישע געשעעניש אינ אָליעווסקיס לעבנ. עס האָט באטייַט, אז אָליעווסקי האָט געריסנ מיט זייַנע פריִער-

דיקע שטאם־קרעכצעניש און זיך פאַרוואָרצלט אין אַ נײַעם סאָציאַלן שטאַם. דאָ האַנדלט זיך אָבער אויך און דעריקער וועגן דעם, אַז עס איז געענדערט געוואָרן דער פּונקט, פונוואַנען אַליעווסקי קוקט אַף דער וועלט, אַף מענטשן. און אַן אַנדערשדיקע גייט איצט אויף פאַר אים די היים.

און עס איז ביז גאָר כאַראַקטעריסטיש: כעמע, די צענטראַלע געשטאַלט פון „שאַכטע”, וועמען אַליעווסקי פאַרטרויט אַלע זײַנע געדאַנקען און געפילן און וואָס איז אויך, ווי דער דיכטער אַליין, „אַ קליינינקער געוואָרן גרויס” און וואָס זײַן קינדהיים האָט אויך אַן אויפגעפלאַצטע באַמבע אויפגעוועקט („שאַכטע”, ז. 121), האָט איצט אין די שאַכטעס אַף אַ נײַעם אויפן צו אָרגאַניזירן אַ פּאָזיטיווע שטעלונג, פּאָזיטיווע דערמאָנונגען וועגן שטעטל. כעמע דערמאָנט זיך „דאָס אָסיענדיקע שטעטל, די קאָמיוגישע פאַרנומענע פאַרנאַכטן... געאַרבעט דאָרט, געווען אינעם אַקטיוו”. און ער רופט זיך איבער מיט זײַנע שטעטלדיקע כאַווײרים. ער שיקט אַ גרוס זײַן אויפגעבליטער היים („שאַכטע”, ז. 100).

די גאַנצע פּאָעמע „שאַכטע” איז געבויט אַף די צוויי שאַרף פאַרשיידענע לעבנס־וועגן פון די צוויי פאַרשיידענע שטעטלדיקע יונגען — כעמע און יאַנקל... כעמע קומט אין דער לאַנג געגאַרטער שאַכטע מיטן פעסטן ווילן זיך אײַנצופלאַנצן אין דער נײַער מי. אַוואַדע פילט זיך כעמע גאָר און גאָר ניט היימלעך די ערשטע צײַט אין דער שאַכטע. געוויס בונטעווען זיך געפילן און אינסטינקטן קעגן דער מאָדנער וועלט, וואָס ווי... „אַ אונטערערדישע גייט אויף פאַר אים”... אָט די מאָדנע וועלט מיט איר באַזונדער לעבן און באַזונדער אומגעבונג „לייגט זיך שווער ווי אָסיען אַפן האַרצן”.

„ער דרייט זיך איין אַ קליינינקער פאַרהאָרבעט
— דאָס איז זי?
דאָס איז אונדזער שאַכטע?
אַהינצו לאָזט מען זיך אַראָפּ מיט די קאָרבן?”
(„שאַכטע”, ז. 23).

אָבער כעמען האָט דאָס קעמערל געשיקט ווערן אַ שאַכטיאָר. אויסער אַלעם פילט דאָ כעמע אַ גרויסע פאַרפליכטונג

פארנ שטעטלדיקנ קאָמיוגישנ קאָלעקטיוו. ער מאָביליזירט אלצ, וואָס עס איז אינ אים פאראנ סאָציאַל-ווערטפולס, קעדיי צו פאריאָגנ אָט די שווארצע שרעק-געפילנ אונ אינסטינקטנ. אונ מיט אלע זײַנע כושים בירגערט ער זיכ אײַנ אינ אָט דער דאָזיקער נײַער אונטערערדישער וועלט... דער „האָלעפופ׳ כעמע גייט דורכ א קורס שאכטיאָרישע מי באם אלטנ קאדראָוועג פראָלעטאריער ריבאלקע.

אונ יאנקלס לעבנס-וועג? וויאַזוי ווערט ער געשילדערט בא אָליעווסקינ? יאנקל טראָגט אינ זיכ די דערפארונג פונ דוירעס קרעמער, יאנקל טראָגט אינ זיכ די „לעבנס-קלוגשאפט״ פונ דוירעס מענאכעם-מענדלס. אויכ דאָנבאס מאכט ער פאר אנ אָביעקט פונ האנדל אונ ספעקוליאציע. ער קומט אינ שאכטע זוכנ „ראָזשינקעס מיט מאנדלענ״, ער קומט אָנספעקולירנ א „סאָציאַלע לאגע״. אינ אים זינגט די גאנצע צײַט א ניגנ פונ „רייזעלע דעם רעבנס״ („שאכטע״, ז. 125), אים ציט צוריק צו דער היימישער קליינבירגערלעכער אטמאָספער.

אונ אָליעווסקי דער ליריקער בייזערט זיכ דאָ, צאָרנט. ווענ יאנקל לאָזט זיכ שוינ צום באנ מיט דער נײַער אײַנגעהאנדלטער „סאָציאַלער לאגע״, שרײַט אויס צו אים דער דיכטער —

— היי, בא א זאָגטיק דיר!
„היי, יאָג זיכ, מענאכעם-מענדל!
מײַזל! מײַזעלע,
קאפּאָרעלע דו לעבסט״

(„שאכטע״, ז. 105).

עס איז צו גלייבנ, אז טאקע דערפאר, ווײַל אָליעווסקי האָט געוואָלט שארפ אונ גרינטלעכ רעווידירנ זײַנ באציִונג צו די שטעטלדיקע הענדלעריש-קרעמערישע שיכטנ, האָט ער זיי איצט געגעבנ אינ דער געשטאלט פונ יענע פאָרשטייער, וואָס שטעלנ זיכ גראָד קעגנ דער סאָציאַליסטישער אופריכטונג.

ער האָט ניט געוואָלט באווײַזנ, ווי אויכ דער דאָזיקער מענטשלעכער מאטעריאל ווערט איבערגעארבעט אינ גאָר א נײַעם סאָציאַלנ פראָדוקט אפ אונדזערע סאָציאַליסטישע קאָנווייערס. ווײַל דאָ וואָלט מענ עפשער ווידער באדארפט זיכ ליריש צו אים באציִענ... אונ דאָס האָט אָליעווסקי אפּאָנעם ניט געוואָלט. אָליעווסקי איז דעריבער אינ

דעם פראט געגאנגענע אפ דעם אויסגעטראָטענעם וועג. געגעבן די זעל-ביקע פאנאנדערשטעלונג פון די קרעפטן, די זעלבע פאנאנדערוויקלונג פון די געשעענישן, וואָס מיר ווייסן שוין פון א ריי אנדערע ווערק אין דער יידישער סאָוועטישער ליטעראטור.

און דאָס האָט שוין געשטערט צו באווייזן וויאזוי מענטשן „בייטן זייער הויט". דער מאָמענט פון דערציִונג און איבערדערציִונג פון די פערסאָנאזשן איז פאקטיש זייער שוואך געגעבן אין דער פּאָעמע, ער פעלט דאָ קימאט אינגאנצן. אויך כעמע איז שוין קימאט א פארטיקער אראָפּגעפאָרן אפ דאָנבאסער ערד.

אוואדע איז אָליעווסקי דורכויס גערעכט, וואָס ער האָט זיך אָפּגע-זאָגט פון דער איינגעשטעלטער סכעמע צו שילדערן די שטעטלדיקע איבערוואנדערנדיקע יוגנט ווי איין גרויסע רויע מאסע, א ניט אָנגע-רירטע פון דער קאָמוניסטישער קולטור, א יוגנט מיט עפּעס אזוי ווי א מאָטל-פייסים-באוווסטזיין.

די דאָזיקע סכעמע טרעפן מיר אָפט אין אונדזער קינסטלערישער ליטעראטור, און זי איז דורכויס פאלש. די איבערוואנדערישע קאָנטי-גענטן פון דער האָרעפּאשנער סוויווע לעבן דאָך אויך אין שטעטל אין אן אונדזעריקער, אין א סאָוועטישער אטמאָספער. מיר האָבן דאָך שוין פארצייכנט, אז כעמע וויים פון דערציילן וועגן „קאָמיוגישע פארנומענע פארנאכטן" אין „אָסיענדיקן שטעטל"... „געארבעט דאָוט, געוועזן אינעם אקטיוו".

דער דיכטער אָליעווסקי איז איצט זייער פילבאר צו די סאָציִא-ליסטישע פּראָצעסן אינעם שטעטל גופא, און דעריבער האָט ער טאקע געשילדערט די איבערוואנדערנדיקע האָרעפּאשנע יוגנט אין גאָר א נייער שיין. דאָס איז זייער פּאָזיטיוו. אָבער עס זיינען דאָ פאר-שיידענע מאדרייגעס אינעם קאָמוניסטישן באוווסטזיין, פארשיי-דענע מאדרייגעס אין דער רייפקייט פון דעם דאָזיקן באוווסטזיין. דאָס האָט אָליעווסקי ניט אויסגעכאפּט אין דער כעמע-שילדערונג.

„ער איז מיט פרייד און בענקעניש געפאָרן קיין דאָנבאס
פון שטעטל אָנגעקומענע בויען די אינדוסטריע,
געקומען אפּ פארביכטן שוין די קלאסן"
(„שאכטע", 105 ז.; מיין אונטערשטרייכונג — ש. ק.).

עס קומט בא אָליעװוסקינ אױס אזױ, אז כעמע האָט נאָר באדארפט פסיכאָלאָגיש גױװער זײַנ די ניט־הײמלעכקײַט פונ דער נײַער „אונטערערדישער װעלט". דער נײַער קאָמוניסטישער אקטיװ, די שאכטיאָרנסוויווע האָט שױנ פאקטיש גאָרניט געהאט װאָס צוצוגעבנ צו כעמעס רײַפנ קאָמוניסטישנ באװוסטזײַנ... עס איז דאָך אָבער קלאָר, אז ערשט אינ דער שאכטע האָט כעמע געפונענ דעם אָנשפאר אונ דעם שטיצפונקט פאר דער איבערצײַגונג, אז „מיר דרײענ זי אונ מיר קערנ זי, די ערד". עס איז דאָך א נײַע דערגרײכטע אידעאָלאָגישע שטופע, אונ אָליעװוסקי האָט ניט באמערקט אָט דעם װוקס פונ זײַנ אײגענעם פערסאָנאזש.

נאָר ערגער איז אינ דעם זינענ די שילדערונג פונ אזעלכע פיגורנ, װי יאנקל אונ דער פױער מיקאָלע. יאנקל איז געקומענ אונ אװעקגעפאָרנ מיטנ מענאכעם־מענדלשנ גײַסט. ענלעכס איז געשענ מיטנ פױער מיקאָלע, — ער איז געקומענ מיט די פױערישע אײגנטימערישע אינסטינקטנ אפ דער שאכטע אונ ער האָט זײ דאָרט ניט צעפאטערט, אװעק מיט זײ צוריק אפנ דאָנ צו „זשניװא": „מיט קלומקעס אונ פארנורעט אינ דער סױטע"....(„שאכטע", ז. 49).

צי האָבנ אָט די דאָזיקע אױסגעדיכטעטע מיקאָלעס אונ יאנקלס פראָטאָטיפנ אינ דער סאָװעטישער װירקלעכקײַט? געװיס יאָ. אונ קעגנ זײ דארפ דער סאָװעטישער דיכטער בײזערנ אונ צאָרענענ. אינטערעסאנט אונ כאראקטעריסטיש אינ אונדזער ראטנלאנד איז גראָד אָבער אָט יענע גרױסע דערשײַנונג, װאָס הײסט „מענטשנ ענדערנ זײער הױט"...

איז דאָך אײנער פונ די גרױסע װונדער אינעם אופבױ פונעם װײַסיאמישנ קאנאל גראָד דאָס, װיאזױ שעדיקער, קרימינעלע פארברעכער װערנ פארװאנדלט אינ סאָציאליסטישע שלאָגלער אונ װי אומבאמערקט פאר זײ אלײנ קומט פאָר דער דאָזיקער פראָצעס. זײ װילנ זיך צוערשט אפילע װערנ קעגנ אים. דער נעכטיקער שעדיקער, דער אינזשעניער מאסלאָװ, לעמאָשל, סטארעט זיך אפילע אירגאָניזירנ, אױסלאכנ דעם סאָציאליסטישנ פארמעסט אפ דער בױונג פונעם קאנאל, אונ ער באמערקט אלײנ ניט, װי ער װערט א הײסער אונ טרײַער שלאָגלער אונ באקומט אפילע אנ אָרדענ. א צװײטער אינזשעניער

וויס אויכ ניט, וויִאזוי איז צו זײַנ באוווסטזײַנ דערגאנגענ אָט די טיפע מאָראלישע באלײדיקונג, וואָס עס אנטהאלט אינ זיכ דאָס וואָרט „שעדיקער“ („ווײַסיאמיש־באלטישער קאנאל אפ סטאלינס נאָמענ“, גע־שיכטע פונ דער בויונג).

סארא גרויסע פערספעקטיווג עס קומענ אופ פאר דער ליטערא־טור גראָד אינ דעמ פונקט, ווו עס ווערט באוויזנ, וויִאזוי דער מענטש לעבט אויס דעמ קאפיטאליזמ אינ זײַנ באוווסטזײַנ. די דערציִערישע זײַט פונ דער פראָלעטארישער דיקטאטור ווערט אינ דער איצטיקער צײַט באזונדער שארפ ארויסגערוקט אינ פאָדערגרונט. אָנ אנ ערעכ וויכטיקער וואָלט דעריבער געווענ, ווענ אָליעווסקי באווײַזט, וויִאזוי מיקאָלע לעבט אויס אָט די סעזאָנישע „זשניווא“־לײַדנשאפטנ. אָנ אנ ערעכ וויכטיקער אונ אינטערעסאנטער וואָלט געווענ, ווענ אָליעווסקי וואָלט באוויזנ וויִאזוי יאנקל האָט זיכ געלאָזט צו דאָנבאסער ערד טאקע מיטנ ווילנ צו פארדינענ, אָנספעקולירנ א „סאָציִאלע לאגע“, אָבער די שאכטע האָט זיכ מיט אימ א שפיל געטאָנ, אונ ער האָט זיכ אײַנגעוואָרצלט אינ דער נײַער סוויווע, אינעמ נײַעמ סאָציִאלנ שטאמ. דאָ וואָלט אזוי העל געוואָרנ די גרויסע קראפט, די דערציִערישע קראפט פונ דער שאכטיאָרישער סוויווע.

דער דיכטער אָליעווסקי אלײנ איז דאָכ א באווײַז, וויִאזוי די רעוואָליוציע ענדערט טיפ אונ גרינטלעכ מענטשנ, ציט ארופ אפ זיי אנ אנדער הויט.

אָבער אָליעווסקי האָט דאָ פאָרגעזעצט א געוויסע טראדיציע אינ דער יִדישער סאָוועטישער ליטעראטור באמ שילדערנ די קלײנ־שטעטלדיקע יוגנט.

בא אלבערטאָנענ אינ „שאכטעס“ איז פאראנ אזא קאטעגאָריע לוקישיוקער יאטנ, וואָס אינ קעגנטייל צו די כאשטשעוואטער יאטנ, פאָרנ זיי אינ דאָנבאס „בויענ דעמ סאָציִאליזמ“... אינ קאָנטאָר. אונ אזעלכע, ווי זיי זײַנענ אָפגעפאָרנ כונ לוקישאָווקע, אזעלכע פארבלײַבנ זיי — הארטע ניס, ניט אָנצובײַסנ זיי... אונ אזעלכע זײַנענ אונ פאר־בלײַבנ די „כאווײרימ“ פיקאָוו אונ שפאקאָוו אינ פעפערס פאָעמע „פלאסטנ“:

„דער רועב האָט אונדז ביידנ געטראָגנ —
מיר זײַנענ געפאָרנ,
ווי קענענ עס יידנ גאָר קלערנ צו ווערנ שאכטיאָרנ”.
(„פלאסטנ”, ז. 11).

מיר זעענ זיי איַנגיכנ פאָרנ צוריק אינ שטעטל ארײַנ. פונ די ווייניקע אָפּגעדרוקטע קאפּיטלענ פונ קושניראָווס „גענעראלער ליניע” וויסנ מיר שוינ פונ מיליע הארמאט, וואָס קערט זיכ אויכ אומ פונ דאָנבאס, אונ אפ דעמ דיכטערס פראגע:

„וואָס טראָגט איַיכ צוריק?
ווו איז דער צוריק?
צי ווייסט איר, צי האָט איר באטראכט עס?”,

ענטפערט ער:

„—מײַנ באגריפ ווענג גליק
שטימט נימ מיט קיינ שאכטעס”.
(אלמאנאכ „סאָוועטיש”, ב. I, ז. 85).

אינ די סאָוועטישע באדינגונגענ קלאמערט זיכ מיליע הארמאט אזוי שטארק אינ דער דערפארונג פונ דווירעס קליינבירגער, מיט די ציינ בײַסט ער זיכ איַינ אינ דער דאָזיקער דערפארונג. ער איז גרייט צו פאָלעמיזירנ מיטנ דיכטער:

„די זיידעס, זיי האָבנ געבויט זייער וועלט
לויט אייגענעמ שטרעבנ אונ דרייסטקײַט,
אונ איצט בויט קיינער ניט וואָס אימ געפעלט,
איצט בויסטו וואָס מע הייסט דיר”.
(„סאָוועטיש”, ב. I, ז. 86).

פונוואנענ נעמט זיכ אזא גרויסער ווידערשטאנד, קימאט אנ אומבאזיגבארער, בא דער קליינבירגערלעכער יוגנט? פונוואנענ שטאמט בא איר אזא גרויסע אונ שרעקלעכע קראפט פונ דער אל-טער וועלט? ווילנדיק אָדער ניט ווילנדיק עטעמט דאָכ ארײַנ אָט די יוגנט אינ אירע לונגענ סאָוועטישע לופט! די אלע דערמאָנטע יוגנט-

לעכע פיגורן קאָנען אין פראט פון פריוואט-אייגנטימערישע איבער־
לעבונגען גיין אין א געוועט מיט פערעצ'ס מארקישעס זעלטן געשיל־
דערטער געשטאַלט פון א באַלעגוף — מיט אנשל דעם זאַליאַזניק. אנשל
דער זאַליאַזניק האָט אָבער א לעבן אָפּגעבאַלעגופעוועט, אָפּגעקרע־
מערט, און אָט אין דער אטמאָספער האָט ער פאַרמירט זיין באַוווסט־
זיין און זײַנע עמאָציעס. דאָס קרעמערישע באַלעגופישע לעבן איז
ארײַן בא אים אין בלוט און פלייש, געוואָרן שוין אן אינסטינקט,
און יעדע סאָוועטישע דערשײַנונג רופט בא אים ארויס, אזוי צו
זאָגן, א פיזיאָלאָגישע קעגן־רעאקציע. און אפ דער אויסבילדונג פו־
נעם באַוווסטזײַן און געפיל באם קליינבירגערלעכן ניט-האָרעפּאשנעם
יוגנטלעכן ווירקן כוצ זײַן קליינבירגערלעכער סוויוועוּ — און אין גאָר
אן אנדער ריכטונג — אויך סאָוועטישע פאקטאָרן. און דאָ ווײַזט זיך
אין דער ווירקלעכקײַט ארויס, אז דאָס בלוט פונעם קליינבירגערלעכן
יוגנטלעכן האָט די סאָוועטן־מעלוכע ניט געלאָזט אפ טויט אָפּסאמען
מיט די געפערלעכע באקטעריעס פון די מענאכעם-מענדלס. אַליעווסקי
בלײַבט אָבער אינעם שילדערן די קליינבירגערלעכע יוגנט טרײַ דער
אויבן דערמאָנטער „טראדיציע“.

אַליעווסקע פּרווט אויך אין זײַן פּאָעמע צו שילדערן דעם אָנ־
פירער פון דער פּארטאָרגאניזאציע, דעם סעקרעטאר וואָראָנאָוו. דער
טיפער ליריזם אַליעווסקיס טויג זייער גוט אפ צו באשאפן דעם פּאָ־
זיטיוון העלד... אַליעווסקי האָט ליב ארויספירן זײַנע פּערסאָנאַזשן
אין זייער שטייגער־סוויוועוּ, אין זייער היימישער אויסקומעניש.

„א טיש, א לאָמפּ, א גרינע ראָד פון ליכט,
אין א צײַטונג אָפּגעדרוקט פון שאכטע א באריכט...
(„שאכטע“, 59).

און וואָראָנאָוו דער סעקרעטאר טראָגט זיך באלד אריבער אויך
צו די ברידער שאכטיאָרן אפ יענער זײַט גרענעץ, צו די דאָמבראָ־
וער, רורער, אועלסער (זע „שאכטע“, ז. 100).

און טאקע דערפאר, ווײַל וואָראָנאָווס איבערופ מיט די דאָמבראָ-
וער, רודער, אועלסער שאכטיאָרן קומט דאָ פּאָר בא די געוויינלעכע
אומשטענדן, אָט באם וויגל מיטן לאכנדיקן קינד, אָט בא דער שלאָפּנ־

דיקער קאטיא, באווײַזט עס, אז דער געדאנק וועגנ דער אינטערנאציאָנאלער פארברידערונג איז געוואָרנ בא אימ געפיל אונ אינסטינקט, פראגנ פונעמ אינטערנאציאָנאלנ פראָלעטארישנ קאמפ זײַנענ אזוי ווי ארײַנ אינ דער היימישער אויסקומעניש אונ ווי געוואָרנ שטיקער שטייגער אינעמ לעבנ פונעמ פארטייער וואָראָנאָוו.

עמעס, דאָס וויסנ די רוסישע, די אוקראַינישע שאכטיאָרישע סוויווע איז בא אָליעווסקינ נאָכ דערווײַל ניט גרויס, גאָר ניט גרויס. דאָס האָט געווויס פארשמעלערט דעמ דיאַפאזאָנ פונ זײַנ פאָעמע אינ טעמאטישנ אונ פראָבלעמאטישנ שניט. אָליעווסקי האָט עס ווי געשפירט אונ ער האָט באגרענעצט זײַנ פאָעטישע אויפגאבע. ער האָט געשאפנ א פאָעמע, ווו ער האָט בלויז אויסגעדיכטעט דעמ וועג פונ דער ייִדישער קליינשטעטלדיקער יוגנט קיינ דאָנבאס אונ איר גורל אינ דאָנבאס.

אָליעווסקי איז זייער א שטימונגפולער דיכטער. זײַנע לידער זײַנענ שטענדיק אָנגעלאָדנ מיט שטימונג. האָט ער אָנגעהויבנ צו שרײַבנ פארצייכענונגענ, זײַנענ זיי אויכ געווענ אינ געווײנלעכנ אָליעווסקישנ שטייגער: לירישע צייכענונגענ וועגנ אונדזערע לופט-העלדנ. קעדיי אויסצודיכטנ א קרעפטיקע פאָעמע, איז אָבער שטימונג אלײנ קנאפ. דאָ מוזנ שוינ אוואדע קומענ ברייטע פאָעטישע שילדערונגענ פונעמ ארומ, פונ די מענטשנ אונ אומשטאנדנ. ווי א לירישער, האָט בוזי אָליעווסקי פאקטיש די אייגענע דיכטערישע פערזענלעכקײַט געשטעלט אינ צענטער פונ דער פאָעמע „שאכטע". ער האָט זיכ אָנגערופנ נאָר מיט אנ אנדער נאָמענ — כעמע. דאָס האָט אָבער נישט באדארפט אימ שטערנ אויסצוּוועבנ א ברייטנ עפישנ געוועב. אָליעווסקי האָט עס ניט געגעבנ אינ „שאכטע". עס פעלט אינ דער פאָעמע די סאָציאַל-ברייטערע שילדערונג, אונ דאָ איז אומבאדינגט נייטיק צו באטאָנענ, אז אָט דער פעלער שטאמט ניט פונ דער ספעציפיק פונ דיכטער-לייריקער, נאָר ער איז גיכער א רעזולטאט פונ באגרענעצטער דערפארונג. האָבנ דאָכ דיכטער-לייריקער געשאפנ אינ דער וועלט-ליטעראטור פאָעמעס, ווו עס זײַנענ געגעבנ געוואָרנ עפאָכע-שילדערונגענ. שאפנ דאָכ אויכ אונדזערע סאָוועטישע לייריקער ברייטע עפישע לײַוונטנ.

אָליעווסקיס „שאכטע" איז א פאָעמע פונ א דיכטער, וואָס האָט,

עמעס, מיט צעעפנטע אויגן געפּרוּווט אַ קוק טאָן אַף די מענטשן, וואָס שאַפן אין דער „צווייטער" וועלט, אין דער אונטערערדישער די „טעג פונעם פּראָסטן וווּנדער". אָבער ער האָט נאָך אַזוי ווייניק וויסן, אַזוי ווייניק דיכטערישע דערפאַרונג וועגן אָט דער נײַער פאַר אים סאָציִאַלער סוויווע, וועגן אָט די נײַע מענטשן. קלאָר איז דעריבער, אַז קיין נײַע זײַטן, קיין נײַע מאָמענטן פון דער „אונטערערדישער" וועלט, האָט דער דיכטער פאַר אונדז ניט אַנטפּלעקט. אַ ברייטע עפּישע שילדערונג קען ניט געמאָלט זײַן דאָרט, ווו דער דיכטער אַליין איז נאָך אַזוי ווי דערווײַל אַ גאַסט. „שאַכטע" איז אָבער, כוץ דעם, וואָס זי פּאָלעמיזירט געלונגענע מיט אָליעווסקיס אייגענע פריִערדיקע שטימונגען, אַ פריידיקער באַווײַז, אַז דער דיכטער ווערט אײַנגעוואָקסן אין נײַע טעמעס און מאָטיוון. ער שטרעבט אַצינדער אַרײַן אין דער וועלט.

„אַזוי ווי צו זיך — אין אַ היים אין אַ צימער".

צולעצט ווילט זיך פאַרצייכענען די פײַנע מעטאַפאָרישקײַט אין אָליעווסקיס פּאָעמע:

„און אין דער טונקלעניש —
די לעמפּעלעך —
סע פינקלט און סע ברענט —
שאַכטיאָרן טראָגן אום
אַ שטערנדיקן הימל אין די הענט".

(„שאַכטע", ז. 23; מײַן אונטערשטרײַכונג. — ש. ק.).

„שטערנדיקער הימל אין די הענט" — שוין דאָס בילד אַליין שליסט אין זיך אײַן אַ באַשטימטע דיכטערישע באַציִונג — אַ נײַע פאַר אָליעווסקין באַזיניקטע דיכטערישע באַציִונג צו דער סאָציִאַליסטישער קולטור, וואָס ווערט געבויט אין די טיפענישן פון דער „שאַכטע".

און אָט אַזעלכע און ענלעכע מעטאַפאָרעס, אַזעלכע און ענלעכע בילדער, וואָס קאָנקרעטיזירן אַף אַ פײַנעם פּאָעטישן אופן דעם דיכטערס געדאַנקען און אָנשוירונגען, דעם דיכטערס שטימונגען און געפילן, זײַנען צעזשאָטן אַף פיר זײַטעלעך פון דער פּאָעמע „שאַכטע", וועלכע איז אין אַלגעמיין אַ דעמאָנסטראַציע פון אָליעווסקיס נײַעם אידעאָלאָגיש-קינסטלערישן וווּקס.

1934

# אָסקאר דער פעליעטאָניסט

(„אראָפגעריסענע מאסקעס“, מאָסקווע, פארלאג „עמעס“, 1932)

די סאטירע צעבליט זיך באזונדערס שטארק אין צייטן פונ גרויסע קלאסנ־שלאכטנ, אינ עפּאָכעס, ווענ אלטע סאָציאלע פאָרמאציאָס ברעכנ זיך אונ עס קומענ אופ נייע. די סאטירע קומט דאנ ווי א שארפ פארשפיצט געווער צו באקעמפנ דעמ קלאס אָדער די קלאסנ, וואָס פארקערפערנ אינ זיך די אלטע געבראָכענע סאָציאלע פאָרמאציע. זי קומט אפ באשטעטיקנ דעמ נייעמ קלאס, דעמ טרעגער פונ דער נייער אופקומענדיקער סאָציאלער פאָרמאציע.

בלעטערט מענ די ליטעראטור־געשיכטע, ווערט דער דאָזיקער געדאנק ביז גאָר קלאָר. ראבלע אונ שפעטער מאָליער, וואָלטער, באָמארשע זיינענ געקומענ דאנ, ווענ מע האָט באדארפט ברעכנ די פעאָדאלע סיכטעמ, באקעמפנ דעמ פ ע אָ ד א ל י ז מ „אינ דער עקאָנאָמיק אונ באוווסטזיינ פונ די מענטשנ אונ באשטעטיקנ די נייע בורזשואזע אָרדענונג אונ דעמ בורזשואזנ באוווסטזיינ.

אויכ אינ רוסלאנד, ווענ די דעקאבריסטנ־באוועגונג האָט אופגעהויבנ די פאָנ פונ רעפאָרמירנ דאָס פעאָדאלע רוסלאנד, איז געקומענ גריבאָיעדאָוו מיט זיינ בייסיקער סאטירע אפ די פאמוסאָווס אונ סקאלאָזובס פעאָדאלער ביוראָקראטיע.

שפּעטער מיט אַ פיר צענדליק יאָר קומט סאַלטיקאָוו-שטשעדרין, און זײַן קומען איז פארבונדן מיט דער גרויסער ראַדיקאַלער באַוועגונג פון די רוסישע „ראַזנאָטשינצעס“ צו פארניכטן די צאַרישע פעאָדאַלע אָרדענונג, צו באַפרײַען די פויערים און צו פאַרוואַנדלען רוסלאַנד אין אַ פרײַ־דעמאָקראַטיש לאַנד.

און ביז גאָר כאַראַקטעריסטיש איז דאָס, וואָס פאַר די קאַרגע צוועלף כאַדאָשים פון 1905־6 — די צײַט פון דער ערשטער רוסישער רעוואָליוציע — זײַנען אין רוסלאַנד אויפגעקומען מער ווי 300 סאַטירישע אויסגאַבעס. אַזאַ גרויסע סאַטירישע ליטעראַטור איז אין רוסלאַנד קיינמאָל ביז דאַן ניט געווען.

די מאַזיקע אויסגאַבעס זײַנען — בײַ זייער פאַרשיידענער פּאָליטישער אָריענטאַציע — געווען געווענדעט קעגן דעם צאַריזם, און זיי זײַנען בעסיירעס געווען באַווירקט פונעם רעוואָליוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט.

נאַטירלעך, אַז די סאַטירישע ליטעראַטור האָט זיך אויך שטאַרק צעוואָקסן אין די יאָרן פון דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע. אַ גרויסע ראָליע האָט אין אונדזער סאַטירישער ליטעראַטור געשפּילט און שפּילט אויך אַצינד דעמיאַן בעדני.

עס איז אינגאַנצן פאַרשטענדלעך, פאַרוואָס די סאַטירישע ליטעראַטור צעוואַקסט זיך באַזונדערס שטאַרק אין צײַטן פון גרויסע סאָציאַלע קריזיסן און גרויסע סאָציאַלע איבעראַנדערשוונגען. די סאַטירע פאַרמאָגט אין זיך אַ גרויסן אָפּלייקענונג־פּאַטאָס. זי קלאַפּט אָנראַכמאָנעסדיק איבער די קעפּ פון די סאָנים. זי צעשמעטערט דעם פײַנט מיט איר כויזעק און שפּאָט. און וואָס עס איז באַזונדערס וויכטיק: דורכן כויזעק, שפּאָט, געלעכטער פאָרמולירט די סאַטירע פונעם אויפגייענדיקן קלאַס די אידעאַלן און שטרעבונגען פון אַ נײַעם געזעלשאַפטלעכן סיידער.

אייניקע ליטעראַטור־קענער באַגרענעצט דעם באַטײַט פון דער סאַטירע אין אונדזער ליטעראַטור. זיי האַלטן, אַז אַ קלאַס שאַפט דאַן אַ סאַטירישע ליטעראַטור, ווען ער שטייט אין אָ פּ אָ ז י צ י ע צום געזעלשאַפטלעכן סיידער, אַז די סאַטירע האָט בלויז די פונקציע צו באַקעמפן דעם פרעמדן, אָדער פרעמדע (הערשנדיקע) קלאַסן.

אָבער אויכ דעם רעגירנדיקנ פראָלעטאריאט איז נייטיק א גרויסע סאטירישע ליטעראטור, ווײַל ערשטנס שטייט ער דאָכ אינ „אָפּאָזיציע“ צום גאנצנ קאפּיטאליסטישנ ארום. די סאטירע איז אים ווידער שטארק נייטיק אפּ צו באקעמפנ די רעשטנ פײַנטלעכע קלאסנ אינעם ראטנפארבאנד, אונ ניט נאָר זיי צו באקעמפנ, נאָר אויכ צו באקעמפנ די פרעמדע עלעמענטנ אינעם אייגענעם קלאס. מע טאָר דאָכ ניט פארגעסנ, אז די אידעאָלאָגישע אונ שטייגערישע ווירקונג פונעם פרעמדנ קלאס, וואָס אינ סאָציאַל-עקאָנאָמישנ זינ איז ער אינ אלגעמיינ שוינ באזיגט, איז נאָכ א לאנגע צײַט א באדײַטנדיקער קויעכ. די אידעאָלאָגיש-שטייגערישע טראדיציעס פונעם אָפּגייענדיקנ קלאס לאָזנ זיכ נאָכ א לאנגע צײַט פילנ אונ אָפּט אפילע אינ די מויכעס אונ הערצער פונ געוויסע טיילנ פונעם זיגערישנ קלאס.

כ׳ אָסקארס (אָ. סטרעליצ) פעליעטאָנעג גייענ לויט דיביידע ליניעס; סײַ לויט דער ליניע פונ באקעמפנ די פײַנטלעכע קלאסנ אונ סײַ לויט דער ליניע פונ באקעמפנ די פרעמדע עלעמענטנ אינ אייגענעם קלאס. גענוג אויסצורעכענענ די אָביעקטנ פונ אָסקארס סאטירע, קעדיי דאָס צו באשטעטיקנ: די צווישנפעלקערלעכע סאָציאַל-דעמאָקראטיע — די וואנדערוועלדעס, מאקדאָנאלדס, קאוטסקיס, די אמעריקאנער „פאָרווערטס“-לײַט, די ציִעניסטנ, פארשיידענע „נאציאָנאלע“ העלדנ פונ קליינבירגערטום, קלייקוידעש, נעפּלײַט אונ אנדערע. אונ פונ דער צווייטער זײַט — די פארשיידענע טיפּנ ביוראָקראטנ, צוויאקעס אונ אנדערע צעלייגונג-עלעמענטנ אינ אונדזער סוויווע, אינ דער סאָוועטישער.

דער באדײַטנדיקער טייל פונ אָסקארס „אראָפּגעריסענע מאסקעס“ — באדײַטנדיקער אינ אידעאָלאָגיש-קינסטלערישנ זינ — איז גראָד יענער, וואָס האָט צו טאָנ מיט באקעמפנ די פרעמדע קלאסנ. דאָ קומט אָסקאר צו גרעסערע פאראלגעמיינערונגענ, דאָ באקומט זיכ בא אים א גרעסערע קינסטלערישע פארפולקומטקײַט.

וואָס איז שײַעכ דעם דאָזיקנ טייל זײַנע די פאקטנ, מיט וועלכע כ׳ אָסקאר אָפּערירט, גאָרניט קיינ „שטילע“, ווי עס מיינט כ׳ ליטוואקאָוו אינ זײַנ פאָרעדע צום בוכ „אראָפּגעריסענע מאסקעס“. זיי זײַ-

נענ גראָד שרײַענדיקע, זיי שרײַענ וועגנ דער גרויסער אונ טיפער אידעאָ־
לאָגישער דעגענעראַציע פונ דער צווישנפעלקערלעכער דעמאָקראַטיע.

„ער, וואַנדערוועלדע, האָט כאַר זיכ שכענדיק צוויי מיסיעס פארנ סאָ־
ציאַליזמ; אָדער צו זײַנ א מיניסטער באַמ בעלגישנ קיניגלעכנ מאַיעסטעט,
אָדער — ווענ ער איז קיינ מיניסטער ניט, — צו באַזוכנ די „סאָציאַ־
ליסטישע" קאָלאָניעס פונ זײַנ אייגענעמ קיניגס כאַיעסטעט אונ פונ אַנ־
דערע מאַיעסטעטנ" (ז. 52).

אונ ווײַטער ווערנ דעטאַליזירט די צוויי וואַנדערוועלדישע מיסיעס
פארנ סאָציאַליזמ. אונ עס ווײַזט זיכ ארויס, אז צווישנ די דאָזיקע מי־
סיעס גייענ אויכ ארײַנ אזעלכע זאַכנ, ווי האַלטנ ציוניסטישע דראָשעס,
מאַכנ א באַזוכ באַמ גערער רעבנ. כ' אָסקאַר האָט דאָ, אייגנטלעכ, פאַר־
שפּאָרט אויסצודיכטנ, ער האָט דאָ נאָר געהאַט ארויסצופירנ דעמ
קאָמיזמ, וואָס די פאַקטנ אונ סיטואַציעס אנטהאַלטנ אינ זיכ. אונ דאָס
האָט ער אפ א קינסטלערישנ אויפנ אויסגעפילט.

איכ האָב בעקיוונ אונטערגעשטראָכנ „פאַרשפּאָרט אויסצודיכטנ"
ווײַל מיר קאָנענ טאָגטעגלעכ לייענענ וועגנ אזעלכע ענלעכע
שרײַענדיקע פאַקטנ. אָט, לעמאָשל, שרײַבט דער „פאָרווערטס"-שרײַ־
בער ליעסינ: „דער שרײַבער פונ אָט די צײַלנ איז צו 15 יאָר, קי־
מאַט נאָכ א קינד, שוינ געווענ ארײַנגעלייגט אינ כיירעמ אונ אַנ ארויס־
געטריבענער פונ דער וואָלאָזשינער יעשיווע. אָבער קיינ פאַרביטערונג
האָט עס אינ אימ ניט ארויסגערופנ, אינ א קורצער צײַט שפּעטער איז
ער שוינ געווענ אינ דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. אונ מיט א פּאָר
יאָר שפּעטער האָט ער געפּרוווט זיכ נעמענ צוריק צו דער געמאָרע,
קעדיי צו ווערנ א ראָוו אונ פונ אונדזער אַלטער טוירע צו
פריידיקנ דעמ סאָציאַליזמ, אויפצופײַערנ די מאַסנ
פאַרנ סאָציאַליזמ. זײַנענ דאָכ אונדזערע נעוויִימ פול
מיטנ אָפּקלאַנג פונ א גרויסנ קלאַסנקאַמפּ אונ זייער
פײַערדיקער סאָציאַלער פּאַטאָס האָט נאָכ ביז איצט
אינ דער וועלט־ליטעראַטור קיינ בײַשפּיל ניט" („צו־
קונפט", דעקאַבער 1932 יאָר, נעקראָלאָג-ארטיקל וועגנ ב. פײַגנבוימ.
אונטערגעשטראָכנ פונ מיר. — ש. ק.).

ווי עס איז צו זענ, איז דאָ גאָרניט פאַראַנ קיינ אָפּנייג בא ליע־

טינעג פונ דער אלגעמיינער סאָציִאַל-דעמאָקראַטישער ליניע. „אונדזער אַלטע טוירע“, סאָרע באַסטויווים, דעם רעבנס טיש, דאָס כאַפּנ שיראַיִם קענ העלפנ פרײדיקנ סאָציִאַליזם, דעם וואַנדערוועלדישנ, דעם מאַגדאָ-נאַלדישנ, פאַרשטײט זיכ.

אונ ווענג דעם מאַגדאָנאַלדישנ „סאָציִאַליזם“ האָט אָסקאַר א באַ-זונדערנ פעליעטאָנ — „ראַמזײַ דער קנעכט פונ גאָט“. דער פעליעטאָנ הײבט זיכ אָנ מיט אנ אויסצוג פונ א היסטאָרישער באַשרײַבונג פונ דער קעפּונג פונעם ענגלישנ קיניג קאַרל, דעם 20-טנ יאַנוואַר 1649 י. אונ דער דאָזיקער עפּיזאָד פונ דער רעוואָליוציִאָנערער געשיכטע פונ ענלאַנד אינ XVII יאָרהונדערט איז נײטיק אָסקאַרנ אַפּ אָנצומאָלנ דעם ענלעכנ גוירל, וואָס וואַרט אַפּ דעם ענגלישנ קיניגלעכנ „סאָציִאַליזם“ מאַגדאָנאַלד אינ יאָר ... 19.

די דאָזיקע וויַטע, אָבער זייער אינטערעסאַנטע אַסאָציִאַציע, דער דאָזיקער איבערוף פונ די ענגלישע רעוואָליוציִאָנערנ פונ XVII יאָרהונדערט מיטנ קוילנגרעבער דזשעק פונ יאָר... 19 אונ פונ דער צווייטער זײַט די אַנאַלאָגיע צווישנ דעם ענגלישנ קיניגלעכנ קאַרל מיטנ איצטיקנ קיניגלעכנ, מאַיסטעטישנ „סאָציִאַליסט“ פאַרטיפט בעפיירעש די קינסטלערישע באַאַרבעטונג פונ דער טעמע „מאַגדאָנאַלד“, עס וואַרפט א שײַנ אַפּ סאָציִאַלע פּראָצעסנ.

אינ דעם טײל פעליעטאָנעג, ווו אָסקאַר האָט צו טאָנ מיט פײַנט-לעכע קלאַסנ אונ מיטנ פײַנטלעכנ קאַפּיטאַליסטישנ אויסלאַנד, אָפּע-רירט ער אָפט מיט היסטאָרישנ מאַטעריאַל, מיט היסטאָריש-ליטעראַ-רישע פּאַראַלעלנ.

דער פעליעטאָנ „זײַנ פיצל עקסעלענצ“ הײבט זיכ אָנ מיט א גרעסערנ אויסצוג פונ זאָליאַס ראָמאַנ „זײַנ עקסעלענצ עזשענ רוגאָנ“. עס ווערט דאָ געבראַכט א בילד, וואָס שילדערט א זיצונג פונ ראָ-יאַליסטישנ פּאַרלאַמענט בײַם דער צווייטער פראַנצויזישער אימפּעריע. אַפּ דער דאָזיקער זיצונג, וואָס איז געווידמעט דער געבורט פונעם פּרינצ, דעם אימפּעראַטאָרס זונ, ווערנ געהאַלטנ פײַערלעכע רעדעס, די געבורט פונעם פּרינצ — צעשרײַט זיכ אינ קעלבערנער היספּײַלעס דער ראָיאַליסטישער פּאָרטרעגער — „איז א יאָנטעוו פונ דער גרויסער נאַציע אונ אינ דער זעלבער צײַט אנ אייראָפּײִשע געשעעניש“.

און די דאָזיקע אויסגעצייכנטע באַשרײַבונג זאָליאַס, וואָס אנטהאַלט אינ זיכ אזא שטאַרקנ כויזעק איבער דער ראָיאַליסטישער בורזשואַזיע, קומט אָסקאַרנ אפנ זיקאָרנ באַם שילדערנ די אדרעסנ, וואָס די סאַציִאַל-דעמאָקראַטיע שיקט הינדענבורגנ לעקאָוועד דעמ נײַ-געבוירענעמ פּיצל עקסעלענצ.

דער געוועזענער סאָציִאַל-דעמאָקראַטישער רײַכסקאַנצלער מילער כאַזערט דאָכ איבער אינ זײַנ ווענדונג צו הינדענבורגנ קימאַט וואָרט בא וואָרט זאָליאַס ראָיאַליסטישנ פּאָרטרעגער: „נאָרוואָס האָב איכ זיכ דערוווּסט, הויכגעשעצטער הער פּרעזידענט, אז איר זײַט הײַנט באַגליקט געוואָרנ מיט דער געבורט פונ אנ אייניקל. דאָס דײַטשישע פּאָלק איז גליקלעכ מיט אײַער גליק און מיטנ גליק פונ אײַער הויִז, וואָס באַשטייט אינ דעמ, אז פונ הײַנט אָנ וועט הינדענבורגס נאָמענ פּאָרגעזעצט ווערנ אויכ אינ דער מאַנצבילשער ליניע" (ז. 86).

ווערט דאָ ניט אדאַנק דער אסאָציִאַציע מיט זאָליאַס שילדערונג פונ דער קאָנטררעוואָליוציאָנערער ראָיאַליסטישער בורזשואַזיע און פונ איר באַציִונג צו נאַפּאָלעאָנענ נאָכ בוילעטער די טיפע אידעאָלאָגישע און מאָראַלע דעגענעראַציע פונ דער דײַטשישער סאָציִאַל-דעמאָקראַטיע? געוויס. די סאָציִאַל-דעמאָקראַטישע באַגריסונג צו „זײַנ פּיצל עקסעלענצ" ווערט אויפגעפּאַסט פונ אָסקאַרנ ווי א באַווײַז פונ דעמ, אפ וויפל די מילערס זײַנענ ארײַנגעוואַקסנ אינעמ לעבנ פונ די ווילהעלמישע גענעראַלנ, אינעמ לעבנ פונ דער דײַטשישער בורזשואַזיע.

און אָסקאַר כויזעקט, כויזעקט שאַרפ און בײַסנד. „מילער האָט זיכ אריבערגעבויגנ איבערנ וויגעלע און געקיצלט דאָס קינד אונטערנ לעפעלע:

— אוט-אוט-אוט, אײַער קליינע עקסעלענצ.

דאָס קינד האָט א דריגע געטאָנ מיט די פיסלעכ און האָט ניט פאַרהאַלטנ דעמ „אומגערנדיקנ געפילנ-אויסדרוק"... (ז. 88).

דער דאָזיקער פּעליעטאָנ פאַרמאָגט א פאַראַלגעמיינערונג-קראַפט. ער כויזעקט ניט בלויז איבער דעמ דאָזיקנ מינ סאָציִאַל-דעמאָקראַטישע אדרעסנ, ער כויזעקט אויכ איבער אלע אנדערע מינימ באַהעפטונגענ פונ די סאָציִאַל-דעמאָקראַטישע פירער מיט די קיניגלעכע און פּרעזידענטישע הויפנ.

אינעם פעליעטאָנ „די גאָלדענע האָכציַיט" פירט אָסקאר ארויס די „פאָרווערטס־ליַיט", די „פאָרווערטס"־שריַיבער אונ לייענער. אָסקאר טוט עס אפ זייער א פיַינעם אויפנ. ער באשריַיבט פריִער דעמ „פיקטשעס"־זשאנר אינ „פאָרווערטס", די אלע „מיסטער אונ מיסטריס איַינגעמאכטס אונ קנאָבלשטאָקס", די אלע אַלרייַטניקעס, וואָס ווערנ אָפגעשפיגלט אינעמ דאָזיקנ „פיקטשעס"־זשאנר. אונ אפ די אלע אָפּ־געפאָטערטעלטע קרעמער „ליגט אויסגעגאָסנ דאָס גליק פונ אמעריקא־נער „פראָספעריטי" (דאָס איז געווענ אינ די יאָרנ 1929—30; איצט זיַינענ שוינ זייערע פענעמער געווענ אוואדע פארצויגנ מיט טונקעלע קריזיס־וואָלקנס — ש.ק.), פונ יידישנ נאכעס, פונ סאָציאַל־פאָרווער־טסיסטישע אידעאלנ" (ז. 63), אינ זיי אלע דערקענט אָסקאר „די בריוו־שריַיבער" אינ „בינטל־בריוו"־פיידזש, די פארערער פונעמ געט־לעכנ דאָוויד איינהאָרנ... די פארכאלעשטע לעזער פונ אווראָמ רייזענס פילאָסאָפיעס וועגנ יידנטומ" (ז. 63).

אונ נאָכ דער דאָזיקער שילדערונג פונ די „אָלרייַט־ליַיט", וואָס האָבנ „אָפגעשווינדלט זייער בינטל יאָרנ, אָנגעקינדלט זייער ביסל נאכעס" קומט א גרעסערע האָכציַיט, א האָכציַיט פונ מיסטער אייב קאהאנ אונ מיסטריס „פאָרווערטס" — די דאמע פונ בראָדוויי: אייב קאהאנ פראוועט די סימכע פונעמ זיבעציקסטנ געבורטסטאָג. די שיל־דערונג גייט דאָ בא אָסקארנ אינעמ זעלבנ סטיל.

אינעמ בעפיירעש קוואליפיצירטנ פעליעטאָנ „אייל מאָלע ראכ־מים" שילדערט אָסקאר דעמ גסיסע־פראָצעס פונ ציוניזמ. דער ציִע־ניזמ זשיפעט, האָט שוינ ניט קיינ קויעכ צו לעבנ. „דריַיסיק יאָר זיַינענ פארלאָפנ, דריַיסיק יאָר, אונ די עלטער דוקט זיכ אָנ. בלעט־לעכ געלע, קוואָרימ־בלעטלעכ פאלנ איינס נאָכנ אנדערנ אזוי שטיל ווי אינ לעוואָנענ־וואלד. אָבער ניט קיינ צעדער־בלעטלעכ, נאָר פאָ־שעטע גאָלעסדיקע לינדנ־בלעטלעכ, פארגעלטע, פארעלטערטע, וואָס זאָגנ אָנ דעמ קומענדיקנ טויט" (ז. 59). דעמ ציִעניזמ פעלט אָבער אויכ אויס קראפט אויסצוטעמענ זיַינ פאסקודנע נעשאָמעלע. אונ דאנ קומט אָסקארנ א פארגליַיכ־אסאָציאציע מיט ווידיניייעס (א העלדנ בא דער רוסישער שריַיבערנ סייפולינא) „הייליקנ" פויער מאר־גארא — „ער איז שוינ געלעגנ בא זיכ אינ שטוב אפ דער באנק אינ

די טאכריכים, גרייט צו שטארבן, נאָר דער טויט איז ניט געקומען".
די פויערים האָבן געפּאָדערט: שטארב, מארגארא, שטארב. מארגארא איז אָבער ניט געשטאָרבן. אויך דער ציִניזם געפינט זיך אינעם צושטאנד פונעם דאָזיקן „הייליקן" פויער מארגארא: זיך אָנגעפּייפט און דאָס פּאָלק אָפּגענארט".

אין דעם דאָזיקן פעליעטאָן, ווי אין אנדערע פעליעטאָנען, ווענ-דעט אָסקאר אָן אַן אינטערעסאנטן מעטאָד, ער באשרייבט קלוימערשט לירישׂ די פארעלטערטע יאָרן פון ציניזם. דער פעליעטאָן הייבט זיך אָן מיט א לירישן הארבסט-פּייזאזש, וואָס דארף קלוימערשט טרייסטן דעם ציניסטישן כאָלוש: „אָט דאָס איז דער שיקזאל פון יעטווידער באשעפעניש אף דער זינדיקער ערד" (ז. 59).

אינעם פעליעטאָן „זאָקן" ווערט געשילדערט דעם כ׳ יאָנטעוום „פּאסקודנע הוסטעלע", „זיינע גרויע האָר", „זיין ברעכן אין קרייץ" אאוו. אדג.

עס מאכט אן איינדרוק, אז אָסקאר ווענדט אָן אין זיין קינסט-לערישער ארבעט אזא אייגנארטיקע סטראטעגיע. ער גייט פריִער ארום דעם סוינע, גרייט לאנגזאם א טיפע אונטערגראָבונג. און ווען אלץ איז פארטיק, גייט ער ארויס פון זיין „זאסאדע" און קלאפּט אום-דערווארטעט דעם סוינע. דער קלאפּ, ווי אן אומגעריכטער, פּלוצעמ-דיקער שאָס, איז פיל שטארקער. דער כ׳ אָסקאר קאָן געניט אָנווענדן דעם דאָזיקן מעטאָד. ער האָט ניט וואָס מוירע צו האָבן, אז דער דאָזיקער קלוימערשטער ליריזם זאָל אים פארפירן אין „פּע-רעוואלישע" קאנטן. ער איז גענוג באוואָפנט קעגן די דאָזיקע באצילן...

און נאָך אביישפּיל פון א פאסיקער אסאָציאציע: אָסקאר שיל-דערט דעם „איטא"-קאָרעספּאָנדענט („קאָרעספּאָנדענטן מיט געלט און קאָרעספּאָנדענטן אָן געלט"). ער ברענגט א צעטל סענסאציאָנעלע דעפּעשן, וואָס דער דאָזיקער „מיט געלט"-קאָרעספּאָנדענט קייבלט אין אלע בורזשואזע יידישע צייטונגען, ווי לעמאָשל: „שפּאלטונגען אין דער קאָמוניסטישער פּארטיי", „יידישע ארבעטער ווילן זיך ניט באטייליקן אין סאָציאליסטישן געוועט" אאוו. אדג. און באלד קומט אָסקארן אפן זיקאָרן טאָדרעס דער בריוונשטעלער, וואָס דערציילט זיינע שילערס וויִאזוי פונעם זודיקן סאמאָוואר שפּרינגט ארויס

א לעבעדיקער צענפונטיקער העכט. טאָדרעס איז שוין איצט אוואדע געשטאָרבן, זײַנע אייניקלעך זײַנען איצט — און אָסקאר איז בעפיירעש געדעכט — שוין ניט קיין „בריוונשטעלערס" פאר מיידלעך, זיי זײַנען איצט געוואָרן אייגענע קאָרעספאָנדענטן פון „איטא". דער אינטעלעקטועלער פארצעפ פון „איטא"-קאָרעספאָנדענטן ווערט אזויארום אנטבלויזט.

אן אינטערעסאנטן פעליעטאָן שטעלט מיט זיך פאָר דער פעליעטאָן „א העלד פארן דאָר". אָסקאר שילדערט דאָ די ציִעניש פון קליינבירגערטום נאָך העלדן-„אויסלייזער". זייער ציִעניש ברענגט דערצו, אז עס ווערן אויסגעטראכט נאציאָנאלע העלדן, וואָס זײַנען אייגנטלעך גאָר קיין העלדן ניט. דאָס זײַגען מערסטנטייל קליינע דורכשניטלעכע מענטשעלעך, וואָס פאלן ארײַן צופעליק אין טפיסע און האלטן פאר נייטיק צו באגליקן די וועלט מיט מעמוארן, טאָגביכער וועגן זייערע ליידן און מארטירערײַ. אויך זיי אנטבלויזט אָסקאר צוזאמען מיט זייערע אויסטראכטער.

צומאָל לאָזט זיך אָבער דער כ' אָסקאר פארפירן פון ביליקע מיטלען און ער באנוצט זיך מיט צווייפלהאפטע מעטאָדן. דער פעליעטאָן „וואנדערוועלדע עס קאָמפ" איז געבויט אף אזא מאטעריאל, וואָס איז שוין אליין איין גרויסער כויזעק און שפּאָט איבערן מאיעסטעטישן „סאָציאַליסט". און אָסקאר שפילט דאָ אף צווייפלהאפטע סיטואציעס מיטן העלדס מאָגן. צו וואָס דארף מען די סיטואציעס מיטן ארויסגיין „אף גיך זוכן א פאסיקן אָרט" (צוויי מאָל כאזערט זיך עס איבער: ז.ז. 54 און 55)! די מ אָ ג ן - ק ר י ט י ק כאזערט זיך איבער אויך אין אנדערע פעליעטאָנען און זעצט בעפיירעש אראָפּ די אידעאָלאָגיש-קינסטלערישע קוואליטעט פון די פעליעטאָנען. דער פעליעטאָן „5 מינוט" איז דורכויס קימאט געבויט אף מאָגן-פאכירונגען. געוואָלט האָט אָסקאר אוואדע ארויספירן א טארטיופישע געשטאלט, און באקומען האָט זיך... ווי דער אָנגעשטעלטער קני רעגיסטרירט די צײַט, וואָס אלע אָנגעשטעלטע (אויסער דעם דירעקטער, און אין דעם איז טאקע דער „טשוואָק"!) „פארברענגען" אין יענעם צימער מיט די צוויי נולן אף דער טיר. א שלעכטער געשמאקלאָזער אנעקדאָט. אמאָל פאכירט בא אָסקארן, אז דער קלאסן-סוינע ווערט געשיל-

דערט פּאַשעט ווי א אידיאָט. דאָ העלפט ווידער די מאָגן־קריטיק. אינעם פעליעטאָן „דער מיניסטער איז צופרירן” ווערט דערציילט, וויאזוי פאַן סקלאַדאָווסקי, דער פוילישער אינערן־מיניסטער, איז פאַרנומען מיט איין געדאַנק, מיט איין טרוים: „אויסבויען בא יעדער פוילישער כאַלופּע גוטע, ריינע אָפּטרעטן און מיסטקאַסטנס לויט א באַשטימטן סטאַנדאַרט, וואָס דער פאַן מיניסטער אליין האָט אויסגעאַרבעט אין די לאַנגע שאָען פון זיין פאַרזאַמען זיך אין יענעם אָרט” (ז. 92).

איז עס ווידער אַן אַנעקדאָט. מיט אַזעלכע מיטלען רייסט מען ניט אַרונטער דעם קלאַסן־סוינע, דער קלאַסן־סוינע איז גענוג קלוג, כיטרע, און ניט זיין מאָגן דאַרף אונדז אינטערעסירן. און פאַן סקלאַדאָווסקיס מויעך איז געוויס פאַרנומען נאָך מיט אַנדערע „מאַכשאָוועסן” אויך... און די פּאָליציי איז גאָרניט באַפרייט געוואָרן פון דער „ערשטמייקער אָנלאָדונג”, ווי עס באַקומט זיך אין פעליעטאָן... אָט וווהין עס קאָן פאַרפירן די „מאָגן”־קריטיק.

★

די אַלע פעליעטאָנען, וואָס האָבן צו טאָן מיט די פרעמדע עלעמענטן אין אייגענעם קלאַס, זיינען בא אָסקאַרן וויניקער פאַרפולקומט, זייער פאַראַלגעמיינערונג־קראַפט איז אָן אַן ערעך א קלענערע. איינער פון די גרעסטע פעליעטאָנען פון דעם דאָזיקן ציקל איז געוויס „כ׳ סלופּ”. אין „כ׳ סלופּ” ווערט אָנגעצייכנט א פּאָרטרעט פון א ביוראָקראַט. דער פעליעטאָן פאַרמאָגט אין זיך א באַשטימטע פאַראַלגעמיינערונג־קראַפט. ער שלאָגט אומבאַראַכמאָנעסדיק די אַלע, וואָס ווילן דערשטיקן דאָס לעבעדיקע לעבן, אונדזער הייסן אָטעם מיט א מאַבל פון פאַפּירן און צירקולאַרן. די נאָרמאַלע, די טיפּישע שטריכן פון א ביוראָקראַט זיינען דאָ, ווי אין א פעליעטאָן, נאַטירלעך, היפּערבאָליזירט: כ׳ סלופּ האַלט אָפּ זיצונגען מיט זיך אַליין און מיטן סעקרעטאַר. ער שרייבט זיך אַליין פאַפּירלעך. ער איז א קאַלענדאַר־לייענער. א.א.וו. א.ד.ג. אָבער די היפּערבאָלע מאַכט דאָ נאָך העלער די נאַטור פונעם ביוראָקראַט, זיינע נאָרמאַלע אייגנשאַפטן און שטריכן.

אינ „כ׳ סלופ“ איז פאראנ קינסטלערישע איבערצײַגונג. אינעמ פאָרטרעט פונ „כ׳ סלופ“ וועלנ זיכ דערקענענ ביוראָקראטנ, וואָס פארפלײצנ גראָדע ניט זיכ מיט פאפירנ, נאָר אנדערע. כ׳ סלופ איז געוויס דער געלונגנסטער פערסאָנאזש אינ אָסקארס פעליעטאָנענ. דער פעליעטאָנ „סלופ“ ענדיקט זיכ אזוי: „א שטילער ערנסט האָט געשוועבט איבערנ קאבינעט. נאָר פונ דער וואנט האָט איראָניש געשמייכלט לענינס פאָרטרעט. כאווער סלופ האָט עס ניט באמערקט“ (ז. 16).

אינעמ פעליעטאָנ „א פאָטאָגראפיע“ ווערט ווידער געשילדערט א פאָרזיצער א ביוראָקראט, אונ דער כ׳ שפראָט — סעקרעטאר פונ פרעזידיומ, וואָס שנײַדט זיכ אפ דעמ פאָרזיצערס דראָכימ. אָבער קיינ פראָבלעמ ווערט דאָ לײדער שוינ ניט ארויסגערוקט. אָסקאר פארקערעוועט די שילדערונג באלד אפ דעמ, וואָס מע באוואָלט דעמ כ׳ שפראָט. מע לאָזט אימ ניט זיכ פאָטאָגראפירנ מיטנ פרעזידיומ, אונ כ׳ שפראָט זוכט מיטלענ, וויאזוי צושטײנ צו דעמ שוינ פאָטאָגראפירטנ פרעזידיומ. אזוי ווערט דאָ ביז גאָר פארשמעלערט די טעמע וועגנ דעמ ביוראָקראטיזמ, בײס אלצ האָט דאָ באדארפט קאָנצענטרירט ווערנ אפ דעמ, וואָס אי דער פאָרזיצער אי דער סעקרעטאר זײַנענ פארנומענ מיט איינ געדאנק, מיט איינ טרוימ וועגנ דעמ אויסערלעכנ גלאנצ, אויסערלעכער „קעשורע“. מע האקט ראפאָרטנ וועגנ „ניצכוינעס“, מע דרוקט פאָטאָגראפיעס פונ „העלדנ“, מע באזאָרגט זיכ מיט געהעריקע ערנמיטגלידער אינ אנשטאלט, מיט איינ וואָרט, מע איז פארנומענ מיט לאקירנ. אונ אינ אנשטאלט... אינ אנשטאלט איז זייער קלאָגעדיק אונ טרויעריק.

דער פעליעטאָנ „זאָקנ“ פארשמעלערט אויכ די טעמע וועגנ דעמ, ווי איינִיקע עלעמענטנ ווערנ צעפוילט, צעלייגנ זיכ, אָנשטאָט צו שילדערנ, וואָס פאר אנ אָרט עס פארנעמענ אינ דער ארבעט אונ לעבנ באמ כ׳ יאָנטעוו די פילדעפערסעווע זאָקנ, ווערט אויסגעטראכט א מײַסע, וויאזוי דאָס פעקל זאָקנ, וואָס איז באשטימט געווענ פאר דער מאשיניסטקע אינ אָרדענונג פונ „נאטורעלנ אומבײַט“, פאלט ארײַנ צו יאָנטעווס פרוי. די מאשיניסטקע בלײַבט אָפגענארט, אונ פונ דעמ אלטנס שלימאזלדיקנ פלירט לאָזט זיכ אויס א בוידעמ. די גאנצע געשיכטע ענדיקט זיכ אזויארומ מיט... א פארס.

אָפּ נאָכ אײנ מאָמענט ווילט זיכ ווענדנ די אויפמערקזאמקייַט. אינ כ׳ אָסקארס פעליעטאָנענ פעלנ פּאָזיטיווע געשטאלטנ. פארשטייט זיכ, דער פעליעטאָנ האָט מערסטנטייל צו טאָנ מיט סאטירע, אָבער גראָד באם אָפּכויזעקנ, אָפּשפּעטנ פונעם פּייַנט, פונעם ביוראָקראט, צוויאק, דארפנ זיכ אונ קאָנענ זיכ ארויסשיילנ די קאָנטורנ פונ דער פּאָזיטיווער געשטאלט. אויכ דאָ קאָנ אָנגעווענדט ווערנ דאָס קאָנטראסטנ-מיטל. אינ כ׳ קאָלצאָווס שארפער סאטירע איז זייער אָפּט צו באגעגענענ קאָנטורנ פונ פּאָזיטיווע מענטשנ. אָסקאר האָט עס געפּרווט אינ זייַנ פעליעטאָנ — „קאָרעספּאָנדענטנ מיט געלט אונ קאָרעספּאָנדענטנ אָנ געלט". דער קאָרעספּאָנדענט „מיט געלט" האָט זיכ בא אים באקומענ, אָבער דער קאָרעספּאָנדענט „אָנ געלט" איז געבליבנ פארהוילנ. אָט צייכנט אָסקאר אָנ דעם פּאָרזיצער פונ רייַ־ויספּירקאָם („א פארקישעפּטע טעלעגראמע"). דער פּאָרזיצער מאָנט בא די געזערדישע אונ קאָמערדישע טוער פארשטאנד פאר זייער ארבעט. איז, דוכט זיכ, גוט. פלוצלינג דערלאנגט אָבער אָסקאר א קערעווע די געשיכטע, אונ דער פּאָרזיצער שיסט אויס: „ניינ, דער־צו טויגט איר געוויס ניט (דאָס ענטפערט ער אָפּ א רעפּליק פונ געזערד אונ קאָמערד — „עפּשער זיכ שטעלנ פארקויפנ הערינג אָנ־שטאָט דעם ארבקאָאָפּ?"). אונ ביכלאָל, אויב איר וואָלט צו עפּעס געטויגט, וואָלטנ מיר אייַכ ניט געלאָזט אינ קאָמערד אונ געזערד" (ז. 115).

אָט דאָ, זעט אויס, וועט אָסקארנ אויסקומענ זיכ אונטערגארטלענ.



דער סאכאקל. כאָטש אינעם בוכ „אראָפּגעריסענע מאסקעס" איז פאראנ בעפּיירעש א האלב צענדליק איבעריקע פעליעטאָנענ („צוויי זייַנענ צום פּריזיוו געגאנגענ", „מיט פארשיידענע וועגנ", „ער זוכט דעם עמעס" „מיטנ פּאָנעם צום דאָרפּ אָדער אָפּ קידעשהאשעמ", „די אנטדעקונג פונ ראטנפארבאנד"), איז דאָכ „אראָפּגעריסענע מאסקעס" א באדייַטנדיקער געווינס אינ דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראטור, אָסקאר איז געוויס דער קוואליפיצירטסטער קינסטלער־פעליעטאָניסט אינ דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראטור.

# א שרייבער א טשעקיסט

(גאָטיצנ וועגנ ב. ערקעסעס שאפונג)

לייענסטו זיכ איינ אינ די דריי ליטעראַרישע ווערק „פיינט”, „באנאכט אפ דער גרענעצ”, אונ „פראָנטנ”, וואָס דער פרי פארשטאָרבענער בער ערקעס האָט געגעבנ דער יידישער סאָוועטישער ליטעראטור, כאפט דיכ אָנ א פארדראָס, א שטארקער פארדראָס: פארוואָס איז אונדזער קריטיק אזוי ווי פארבייגעגאנגענ דעמ שרייבער ערקעס, האָט אימ ניט באמערקט, זיינע ווערק ניט אנאליזירט. ס'איז צו באוווּנדערנ, ווי אונדזער קריטיק פארשמעלערט צומאָל דעמ קרייז ליטעראטור־דערשיינונגענ, עס בלייבנ פונ אויסנ ווערק אונ שרייבער, באדייטנדיקע ליטעראטור־פאקטנ אונ דערשיינונגענ.

צוויי גרונט־פיגורנ אינ פארשיידענע ווארִיאנטנ אונ סיטואציעס טרעפנ מיר אינ ערקעסעס שאפונג. דאָס איז די פיגור פונ אונדזער קלאסנ־סוינע, אָפטער אינ דער געשטאלט פונ א פארשווערער, קאָנטר־אויסשפירער, שפיאָנ, דיווערסיאָנער. אונ די פיגור פונ דעמ פראָלעטאריער, דעמ פויער, אָפטער אָנגעטאָנ אינ די קליידער פונ א פוילישנ אָדער רוסישנ סאָלדאט. אונ ערקעס שטעלט דעמ קינסטלערישנ טראָפ גראָד אפ דער צווייטער פיגור.

דער פאָשעטער רומענישער סאָלדאט איגנאטעסקו איז פול מיט אומרו פאר דעמ אלעמ, וואָס עס דארפ זיכ באלד פאנאנדערשפילנ אפ דער גרענעצ בא זיינ פאָסטנ. איגנאטעסקו האָט באקומענ א באפעל דורכצולאָזנ פונ דעמ סאָוועטישנ ברעג א סיגוראנצע־אגענט. א י נ ס ט י נ ק-

טיוו פילט ער דעם שאָדן, וואָס דער דאָזיקער אגענט קען פאַרשאַפן דעם ראַטנלאַנד, און בײַם דער דיאַקאָן אַנטאָני מאַגרעלי האָט זיך דערנענטערט, האָט באַם רומענישן סאָלדאַט „דאָס גאַנצע בלוט אין קאָפּ א שלאָג געטאָן, דאָס האַרץ האָט געיאָגט און איגנאַטעסקו האָט געהערט זײַן געלויף, דער אָטעם אָפּטער, ווי די לופט וואָלט מיטאַמאָל שטאַרק געדיכט וועָרן" („פּײַנט", ז. 65). און איגנאַטעסקו שיסט אין רוקן אַרײַן דער קאָנטררעוואָליוציע...

אין ערקעסעס שאַפונג זײַנען דאָ פיל אַזעלכע און ענלעכע טעמאַטישע מאָטיוון. אָט שטייט באַם גרענעץ אָפּ זײַן פּאָסטן דער פוילישער סאָלדאַט יוזי, און אים, דעם פּאָשעטן פוילישן סאָלדאַט, בריען ווי מיט הייסע קוילן די ידיעס וועגן דעם, אַז עס ווערן אַריבערגעוואָרפן באַנדעס אַף דער סאָוועטישער זײַט און אַז עס גרייט זיך אַן אָנפאַל אַפן סאָוועטישן גרענעץ־פּאָסטן.

אָדער די שילדערונג פון דעם רומענישן סאָלדאַט הרעטשקאָ, וואָס איז פון שטענדיק אָן געווינט צו פאָלגן דעם קאַפּראַל. ער האָט באַקומען א באַפעל צו דערטרינקען דעם פאַרהאַלטענעם עלטערן פויער. הרעטשקאָ דערשפּירט מיטאַמאָל זײַן סאָציאַלע קרוינוועשאַפט מיטן פאַרהאַלטענעם פויער. „א האַרטער קנויל האָט זיך אונטערגעקײַקלט אונטערן האַרצן און קלאַמערט עס" („באַנאַכט אַף דער גרענעץ", ז. 129), און הרעטשקאָ פילט צום ערשטן מאָל ניט אויס דעם קאַפּראַלס באַפעל.

אומעטום, ווו ערקעס האָט צו טאָן מיט די סאָנים, רוקט ער אַרויס אַנטקעגן און שטעלט אין צענטער די פיגור פון דעם פּראָלעטאַריער אָדער דעם פויער, אין וועמען ס׳קלאַפּט א וואַרעם האַרץ פאַר דער רעוואָליוציע, ווי ער וואָלט וועלן דערמיט אונטערשטרײַכן, אַז אָט אין די איגנאַטעסקעס, יוזיס, הרעטשקאָס ליגט דער סאָד פון דער רעוואָליוציעס קויעך, דער סאָד פון דער רעוואָליוציעס אומבאַזיגבאַרקײַט. די מילכאָמע קעגן דעם ראַטנפאַרבאַנד וועט דאָך זײַן „די סאַמע געפערלעכסטע פאַר דער בורזשואַזיע נאָך אויך דערפאַר, וואָס זי וועט פאָרקומען ניט נאָר אַף די פראָנטן, נאָר אויך אין טיל באַם סוינע. די בורזשואַזיע מעג ניט צווייפלען, אַז די פילצאָליקע פרײַנט פונעם אַרבעטער־קלאַס אין איי־

ראָפּע און אזיע וועלנ זענ א קלאפּ צו טאָנ אינ טיל זייערע אונטערדריקער, וואָס האָבנ פארפירט א פארברעכערישע מילכאָמע קעגנ דעמ פאָטערלאנד פונעמ ארבעטער-קלאס פונ אלע לענדער" (פונ כ' סטאלינס באריכט-פאָרטראָג אפּ דעמ XVII פּארטיי-צוזאמענפאָר).

דעמ קלאסנ-פײַנט שילדערט ערקעס ניט ווי א לעמעשקע. דער פּארביסענער סוינע, דער פארשווערער און דיווערסיאָנער אוזשווא קאָנ אפילע ארויסשרײַענ אינ געפּער, אז דאָס, וואָס ער האָט אָרגאניזירט א קאָנטררעוואָליוציאָנערע פארשווערונג קעגנ דער מאכט פונ די ראטנ, „דאָס איז זײַנ פארדינסט", און שולדיק פילט ער זיכ בלויז אינ דעמ, וואָס ער איז דורכגעפאלנ („פראָנטנ", ז. 223—224), אָבער דער מאָראלער שטאָלצ זײַנער איז זייער א נישטיקער, ווײַל מער ווי וועגנ דיווערסיעס און טעראָריסטישע אקטנ קאָנ ער ניט דערציילנ, און הינטער אימ שטייענ זײַנע קלאסנ-מענטשנ, וואָס שפּילנ אינ קאָרטנ אפּ „זייערע" צוקער-זאוואָדנ, טעקסטיל-פאבריקנ און גיטער, ווײַל זיי האָבנ שוינ אויכ אינ א גרויסער מאָס פארלאָרנ דעמ גלויבנ אינ דער רעאלקײַט פונ באקומענ זיי צוריק בא די באָלשעוויקעס.

סארא דאנקבארע טעמע עס איז איצט פאר א קינסטלער צו קומענ און באווײַזנ די צווייערליי געריכט-פּראָצעסנ, דעמ פּראָצעס אינ לאנד פונ פּראָלעטארישער דיקטאטור איבער שעדיקער און טעראָריסטנ מיט זייער גאנצער אידייִשער נישטיקײַט און מאָראלנ דאלעס און — דעמ לייפּציקער פּראָצעס איבער רעוואָליוציאָנערנ, ווו דימיטראָוו גייט ארויס פארנ בורזשואזנ געריכט און הייבט אָנ זײַנ רעדע מיט די ווערטער פונ קאָמוניסטישנ מאניפעסט און באווײַזנ וויאזוי די אידייִשע נישטיקײַט פארווזאכט די מענטשלעכע נישטיקײַט און געבראָכנקײַט. און פארקערט, וויאזוי דער מענטשלעכער שטאָלצ פונ א דימיטראָוו גייט פונ קאָמוניסטישנ מאניפעסט, פונ קאָמוניסטישנ אינטערנאציאָנאל.

ערקעס האָט ארויסגעוויזנ א געוויסע געניטקײַט און געשולטקײַט אינ אויסבויענ א רעוואָליוציאָנערע נאָוועלע, די נאָוועלע איז בא אימ שטענדיק שטײַפּ געבויט, כאָטש די האנדלונג פארלויפט געווייגלעכ ניט אינ איינ אָרט און אפילע ניט אינ איינ לאנד, אָבער זי איז נאטירלעכ, ווײַל די סוושעטישע צעוויקלונג אנטשפּרעכט די ספּעציפיש-געשילדערטע עפּיזאָדנ און מאָטיווג פונעמ בײַפּראָנטישנ לעבנ.

ערקעס ווענדט צומאָל אָן אזא אייגנארטיק שילדערונג-מיטל: פארן פראָלעטארישן געריכט שטייט א באלעגופ — א באנדיט, עס ווערט געלייענט דער באשולדיקונג-אקט. אין דער זעלבער צייט שפילן זיך אָפ באם באנדיט אין זיקאָרן אלע פארלאָפענע סצענעס: דאָס דערמאָרדן דעם אייגענעם באטראק מיט דעם זעלבן מעסער, וואָס מיט אים האָט דער באטראק צוגעמאָסטן כאלאָקים ערד פאר די ערדלאָזע פויערים, דאָס שוידערלעכע בילד פון אראָפרייסן די הויט באַ די טוער פון פראָדקאָם און דאָס צערייסן אפצווייען א קאָמוניסט... און נאָך און נאָך... און דאָס אלץ איז דאָך אוואדע באשריבן אינעם באשולדיקונג־אקט. די רעפראָדוצירטע סצענעס דערשיינען אין זייער גאנצער גרויזאמקייט און שוידער אפילע אין דעם באנדיטס מויעך. („פיינט" „סקאלאפענדראָס סאָפ").

ערקעס האָט זיך געוויס דערהויבן צו א באשטימטער קינסטלערישער הייך. ער האָט גאנץ אָפט געקענט אָנווענדן די געהעריקע שילדערונג-מיטלען, שפילן אפ א קינסטלערישער דעטאל. אין כראָסטיקן אייזקאלטן וואסער ווערט אין דער פוילישער טפיסע אָפגעבאָדן דער קאָמוניסט פראנעק, און דאָ שילדערט ערקעס דעם מארשאלס פאָרטרעט. „דעם מארשאלס אויסזען איז שוין דאָ געווען א פרייל‌עכער און אונטער דער לינקער אראָפגעלאָזענער געדיכטער גרוילעכער וואָנצע האָט א קוים באמערקטער שמייכל זיך געוויקלט" („פראָנטן", ז. 170). אין דער דאָזיקער קינסטלערישער דעטאל ווערט ווי אויסגעדריקט באגיטיקונג פון דער גאנצער סיסטעם ראפינירטע עקזעקוציעס איבער די רעוואָליוציאָנערן מיצאד דער העכסטער מעלוכע-מאכט.

שוין אָט דאָס אלץ, וואָס מיר האָבן פארנאָטירט וועגן ערקעסעס טעמאטישע מאָטיוון און זייער סוזשעטישער פאנאנדערוויקלונג, וועגן ערקעסעס אויפן פון שילדערן, צעשטערט ביזן גרונט די בייזווילע פלוידערייען פון די בונדישע „ליטערארישע וואָכנשריפטן" וועגן ב. ערקעסעס ליטערארישער שאפונג. ערקעסעס ליטערארישע שאפונג איז „רעוואָליוציאָנערע שונד", דערקלערט די „ליטערארישע וואָכנשריפט", און ליטערארישע שונד איז עס, זעט איר, דערפאר, ווייל, ערקעס האָט „געיאָגט און איבערגעיאָגט" דעם סוינע אפ אלע

פראָגנ, ער באזיגט די „ווײַסע, דעמ הונגער“... אונ דעריבער האָט ער אויכ „באזיגט דאָס פראָלעטארישע שרײַבנ“...

אונ דערבײַ גיט דער בונדישער קאָנטררעוואָליוציאָנערער ליטערארישער באטלענ י. פאט אָנצוהערענישנ, אז די גאנצע ייִדישע סאָוועטישע ליטעראטור איז אזא. ער שרײַבט ווײַטער:

„אנ איזי כאריק זינגט דורכ אינ זײַנע „קײַלעכדיקע וואָכנ“ די גאנצע מײַסע פונ דער פיאטילעטקע (סארא טיפע סיגע צומ פינפיאָר! — ש. ק.) אינ א פאָר צענדליק ווילקלינגענדיקע פערזנ, — אָט איז געווענ א זומפ, אָט זײַנענ געווענ פוליאקעס, אלטע ייִדנ שעדיקער, ווי רעב יעכעזקל גאָמבינער. דער ראָוו, דער גאבע — אונ אָט האָבנ די יונגע געזיגט, אָט לײַכט שוינ עלעקטרע איבער אלע זומפענ. שנעלע באלמעראָכעס“.

פאט איז טרויעריק בארימט מיט זײַנע קאָנטררעוואָליוציאָנערע שרײַבעכצנ אונ ארויסטרעטונגענ קעגנ דער ייִדישער רעוואָליוציאָנערער סאָוועטישער ליטעראטור, אונ עס איז ניט קעדײַ מיט אימ צו דיסקוטירנ. וואָס עס פארדריסט אָבער, אונ עס פארדריסט ביז גאָר, איז דאָס, וואָס אײניקע קריטיקער בא אונדז האָבנ באהויפטעט, אז ערקעס האָט געפונענ פאר זיכ א מוסטער אינ דער אלטער בורזשואזער נאָוועלע פונ דעמ מינ דעטעקטיוו־דערציילונג.

די דעטעקטיווע ליטעראטור שטעלט, ווי באוווּסט, מיט זיכ פאָר בורזשואזע ליטעראטור פונעמ סאמע ערגסטנ פארדאָרבענעמ מינ. פארהיילענע פאנטאסטישע געשיכטעס, ניט געשטיגנ ניט געפלויגנ, שטארק באפעפערט מיט עראָטיק אונ דורכגעדרונגענע מיט בורזשואזע סענטענצנ — אזא איז די דאָזיקע „ליטעראטור“. די דעטעקטיוו-ליטעראטור איז ווי באוווּסט א גרויסער קולטור-פלאָג פאר די ארבעטנדיקע מאסנ, איז ווי אזוי קומט אהער ערקעס?

ערקעסעס דערציילונגענ זײַנענ שפּאַנענדיק, אָבער די שפּאַנענדיקײַט שטאמט דאָ דערפונ, וואָס ערקעס נעמט שטענדיק העכסט דראמאטישע עפיזאָדנ, ער נעמט שטענדיק פארשפיצטע צוזאמענשטויס-מאָמענטנ. אָבער דאָס אלצ אנטשפרעכט דער רעאלער ווירקלעכקײַט, די ספעציפישע אומשטאנדנ פונעמ באמ־גרענעצ-לעבנ. אזוי־ארומ איז עס געזעלשאפטלעכ-טיפיש, אונ ניט אלצ, וואָס איז טשיקאווע אונ שפּאַ־

נעניק, דארף פארשריבן ווערן אפ דער קאָנטע פון דער דעטעקטיוו־ליטעראטור.

צי מיינען מיר אָבער, אז אין ערקעסעס שאפונג זײַנען ניטאָ קיין בלויזן, קײַן שעפערישע פעלערן? ניין, זיי זײַנען דאָ, און, צום באַדויערן, זײַנען די דאָזיקע בלויזן זייער און זייער באדײַטנדיקע. ערקעסן האָט זיך אין א באדײַטנדיקער מאָס אײַנגעגעבן ארויסצופירן די דראמאטישע געשפאנטקייט פון די געשילדערטע פאקטן, געשעענישן, עפיזאָדן. ערקעס איז אָבער ניט שטענדיק געווען אימשטאנד צו שילדערן די פסיכאָלאָגישע איבערלעבונג פון די פערסאָנאזשן, און דעריבער איז דער דערקענטעניש־ווערט און די קינסטלערישע איבערצײַגונג־קראפט פון די געשילדערטע פאקטן, געשעענישן, עפיזאָדן אויך באגרענעצטע.

לאָמיר עס איליוסטרירן מיט עטלעכע בײַשפילן.

ערקעס שילדערט דעם אלטן רומענישן באטראק פיקאָס. אין פיקאָסעס מויעך ווארעמט זיך דער טרוים וועגן אײַנפירן אין רומעניע די זעלבע אָרדענונג, וואָס אפ דער אנדערער זײַט דניעסטער. פאר זײַנע אויגן נישטערן סיגוראנצע־פראָזשעקטאָרן נאָך דעם זונס שיפל, און ווען זיי דערטאפן דאָס, זעצן זיי דאָס שיפל מיטן זון צום דניעסטער־גרונט אראָפ.

פאר ערקעסן איז דאָ געווען וויכטיק די שפאנענדיקע דערציילונג וועגן דעם פאקט — געזעצט דאָס שיפל, אין דער צייט, ווען דאָ איז געווען א מעגלעכקײַט צו אנטפלעקן דעם אָנוווקס פון נײַע געפילן באם אלטן רומענישן באטראק; עס קומט גלײַכצײַטיק אום אי א זון, אי א קעמפער פאר פארווירקלעכן דעם געכאָוועטן טרוים וועגן א סאָוועטישער רומעניע. אין דער ווירקלעכקײַט האָט זיך דאָך באם אלטן פיקאָסן פאנאנדערגעשפילט א גאנצע גאמע פאָטערשע און קלאסעווע געפילן, איבערלעבונגען, „בייט שווארצע פאָרהאנגלעך האָבן זיך אראָפגעלאָזט אפ זײַנע אויגן און זיי פינצטער געמאכט״, דאָס אלץ איז אָבער געבליבן בא ערקעסן ניט אנטפלעקט.

צי אשטייגער די איבערלעבונג פונעם פאָשעטן רומענישן סאָלדאט הרעטשקאָ, ווען ער דערשפירט מיטאמאָל זײַן סאָציאלע קרוויוועשאפט מיטן אלטן פארהאלטענעם פויער, וועלכן ער דארף לויטן קאפראלס

באַפֿעל דערטרינקען. און וואָס איז געוואָרן אָדער עס וועט ווערן מיט דעם דאָזיקן רומענישן סאָלדאַט? ערקעסעס הויפּט־אינטערעס איז אָבער ווידער ניט געווען געווענדעט אין דער דאָזיקער ריכטונג.

אָדער אַזאַ טעמאַטישער מאָטיוו: דער נעפּאַנגענער רויטאַרמייער קאָלעסניקאָוו פֿאַלט אַרײַן אין די דעפּענזיווע־נעצן... ער איז ניט גע־שולט, ער ווייס ניט פֿון דער געפֿערלעכער שפּיל, וואָס די פּראָוואָקאַ־טערישע קויכעס ווילן מיט אים שפּילן, שפּעטער, אַז ער דערוויסט זיך פֿון דעם אַלעם, טראַכט ער וועגן זעלבסטמאָרד, אָבער ער טוט עס ניט...

דאָ איז וויכטיק קאָלעסניקאָווס געראַנגל מיט דער פּראָוואָ־קאַטערישער נעץ, זײַן אָנשטרענג אַרויסצוקריכן פֿון איר, און דאָס קאָן מען באַווײַזן בלויז אויף וועג פֿון פּסיכאָלאָגישער שילדערונג.

דאָרט, ווו עס איז נייטיק געווען אַ פּסיכאָלאָגישער געמעל, ווערט עס צומאָל פֿאַרביטן אויף סענטימענטאַליזם, באַזונדערס איז דאָס קענטיק אינעם ראָמאַן „פּראָנטן״.

אוואַדע דאַרף מען קענען גוט פֿאַרפֿונדעווען אַזאַ גליטשיקע טעמע ווי ליבע־באַציִונגען צווישן אַ טשעקיסט און אַ טאָכטער פֿון אַן אָדע־ליקן. ערקעס האָט, צום באַדויערן, ניט באַנומען דעם באַטײַט פֿון די פֿאַרצייכנטע פֿאַקטן און דעריבער ניט מאָטיווירט סאָציִאַל און פּסיכאָ־לאָגיש קאַטיעס אָפּרײַסן זיך פֿון איר שטאַם, בייס דאָ זײַנען געווען דערצו גרונטן, און גראָד כאַראַקטעריסטישע. דער ווײַסגוואַרדייער וויק־טאָר לייגט פֿאָר קאַטיען מיט איר לײַב צו דינען דער קאָנטררעוואָ־ליוציע. פֿאַר קאַטיען קאָן קלאָר ווערן דאָס מאָראַלישע און אינטעלעק־טועלע פֿאַלן פֿון די ווײַסגוואַרדייער, און פֿון דער צווייטער זײַט, האָט זי געהאַט אַ מעגלעכקײַט צו איבערצײַגן זיך אויף פּערזענלעכער דער־פֿאַרונג אין דער קריסטאָלענער ריינקײַט פֿון די טשעקאַ־מענטשן, אָבער דאָס אַלץ דאַרף מען סאָציִאַל־פּסיכאָלאָגיש אַרגומענטירן באַווײַזן און דערווײַזן. ערקעס איז אָבער דאָ געגאַנגען אויפֿן וועג פֿון סענטימענטאַליזם, אויפֿן וועג פֿון סטאַם ביִאָלאָגישע ציִענישן, ער האָט ניט באַוויזן קאַטיעס איבערגעבורט, און אין רעזולטאַט האָט זיך באַקומען אַ באַשטימטער אידעאָלאָגיש־קינסטלערישער דורכפֿאַל.

אַ באַדײַטנדיקער פֿעלער פֿון „פּראָנטן״ איז דאָס, וואָס די קאָנ־

סטרוקציע פונעם ראָמאנ איז א צעשויבערטע. מע קענ „פראָנטנ“ מאַ־מעש ניט אָנרופנ ראָמאנ, דאָס זײַנענ אָנגעשיכטעטע קאפיטלענ אָנ פאר־שיידענע טעמעס אונ וועגנ פארשיידענע צײַטנ. די פילצאָליקע טעמאטישע ליניעס — דאָס אופשטעלנ פונעם וורשטנ-זאוואָד, גרענעצ־פאסירונגענ, אונטערערדישע קאָמוניסטישע באוועגונג אינ פוילנ — גייענ זיכ אינ ערגעצ ניט צונויפ. עס מאכט אנ אײַנדרוק פונ א שפרינגעניש פונ איינ טעמע צו א צווייטער, פונ איינ קאפיטל צו א צווייטנ. ערקעסנ האָט זיכ באזונדערס ניט אײַנגעגעבנ די פראָדוציר־טעמע.

קענטיק, אז די גרויסע דערפארונג פונעם פארשטאָרבענעם שרײַ־בער איז געווענ איבערהויפט אינ קרײַז פונ פראָנטישנ לעבנ אונ טשעקא-פאסירונגענ. אינ „פראָנטנ“ איז דער יונגער פײַקער סאָוועטי־שער שרײַבער פארפלייצט געוואָרנ פונעם קאָלאָסאלנ מאטעריאל, וואָס ער האָט געהאט איבערצודיכטנ. עס האָט אים געפעלט קינסטלערישע ענערגיע צו אָרגאניזירנ אָט דעם מאטעריאל אונ עפשער אויכ אידע־אָלאָגישע רײַפקײַט. אונ דער ראָמאנ איז ביכלאל, זעט אויס, ניט גע־ווענ ערקעסעס זשאנר. זײַנ קינסטלערישע סטיכיי איז געווענ די נאָ־וועלע, די קלענערע דערציילונג.

ערקעס איז געקומענ מיט א גרויסנ אויצער מאטעריאל, מיט טע־מעס וועגנ דעם רעוואָליוציאָנערנ קאמפ, אונ ער האָט זיכ שטארק גע־נייטיקט אינ א קריטישנ אנאליז פונ זײַנ ליטעראַרישער שאפונג. דער קריטישער אנאליז האָט אים באדארפט העלפנ אידעאָלאָגיש-קינסטלעריש צו באזיניקנ זײַנ גרויסע רעוואָליוציאָנערע טשעקיסטישע דערפארונג. צום באדויערנ, האָט אים אונדזער קריטיק אינ דעם ניט געהאָלפנ.

זאָל דאָס זײַנ א וואָרענונג.

1933